שרה שבת

# צווישן זון און שאָטן

לידער




פאַרלאַג „ישׂראל-בוך"
הילפספאָנד פאַר ייִדיש-שאַפונג
תל-אביב, תשמ"ד — 1983

שרה שבת

# בין אור וצל

שירים

SARAH SHABATH

# ZVISHN SUN UN SHOTN

Poems

שרה שבת

# צווישן זון און שאָטן

לידער



Israel-Book Publishing House
4, Itamar Ben-Avi Str. Tel-Aviv, P. O. B. 1777

**פאַרלאַג „ישראל-בוך"**
**הילפספאַנד פאַר יידיש-שאַפונג**
**רחוב איתמר בן-אבי 4, תל-אביב, ת. ד. 1777**

**Printed in Israel, 1983 נדפס בישראל,**

דפוס „אורלי" — פרידמן, תל-אביב

## מייַן פּען

געקליבן כ׳האָב ווערטער,
פאַרשריבן כ׳האָב ווערטער,
געמאַכט זיך אַ ווערטערבוך.

שווערע מחשבות,
זיסע חלומות,
צעבלאָזן מיטן ווינט.

זוכן געדאַנקען איצט ווערטער,
זוכן שעמעוודיקע חלומות
אַ בלאַט זיך צו פאַרדעקן
און —
קומען אָן צום ווערטערבוך.

די נאַכט פאַרגייט,
מייַן פּען איז מיד
ס׳איז הייַנט געבוירן געוואָרן
אַ נייַ ליד.



ער זעצט זיך בײַם טיש
און די אותיות אַרום אים.
זיי קומען אַנטקעגן
בינען אַ ריי אַ לאַנגע.
זיי זשומען,
זיי פליִען אַרום זײַן געדאַנק.
שאַפן זיך ווערטער,
ווי פון בלומען גענומענער זאַפט.
נאָר ער ווייסט נישט,
צי קומט דערפון אַרויס
אַ האָניג אַ זיסער,
צי גאָר עפּעס אַן אַנדער גוטס.
צי אפשר וועט גאָר בלײַבן
בלויז דער וואַקס דער רויער
און פון אים
וועט זיך ציִען
ליכט.

## אַ גאַס

אַ גאַס,
אַ גאַס פון אַרבעטער,
אַ גאַס מיט וואַרסטאַטן פול.
מען זעגט דאָרט,
מען נייט,
מען באַקט דאָרט ברויט.
אַנטקעגנאיבער: —
איינער פלאַנצט, דער צווייטער זייט,
איינער פּאַשעט קי
אַ צווייטער שטייט אויף פרי
און זאָטלט שוין דאָס פערד,
שפּאַנט דעם וואָגן,
אויף ירידן טוט ער יאָגן
ברענגען אַהיים אַ שטיקל ברויט
ווייַב און קינדער נישט צו לאָזן
אין נויט.

נאָר איינע האָט קיין ווינקל נישט —
די אַלטע דיקע האַניע,
זיצט זיך סתם אויף די אַלטע טרעפּ
און דראָטעוועט דאָרטן טעפּ.

שטייען קינדער פאַרוווּנדערט דאָרט:
געזען אַ זאַך?!
גענומען שערבעלעך אַ פּאָר
געבויגן נידעריק דעם קאָפּ,
געדרייט אַרום, מיט דיקע פינגער,
אַ דינע לאַנגע דראָט
און האָסט אַ פאַרריכטן טאָפּ...

אַ גאַס פון אַרבעטער געווען,
אַ גאַס — אַ גאַנצע וועלט,
אַ גאַס פון הייזער הילצערנע
געמאַכט מיט טשעשלערס הענט.

## די ירושה

כ׳האָב נישט געירשנט פון מײַן מאַמען
די שיינע אויגן אירע, בלויע,
בלויז די נאָדל מיטן פאָדעם
און די שוואַרצע שווערע שער.
איך פאָר אַוועק פון דער היים
און אין מײַן לעצטן בליק
בלייבט מיר:
אַ ברוינער טיש, באַדעקט מיט שטאָפן.
אויפן טיש — אַ שוואַרצע שער,
מײַן מאַמעס אַרבעט, איר געווער.

יאָרן גייען
איך זוך אַ פאַך, איך זוך אַ ברעג
אויף צוטוליען זיך אין שווערע טעג,
געפין איך אַ הויז.

איך קום אַריין,
געפין איך אויך דאָ
אַ ברוינעם טיש באַדעקט מיט שטאָפן
אַ גרויסע שוואַרצע שער.
און זײַט דאַן,
טאָג אײַן טאָג אויס
איך מעסט איך צייכן און איך שנײַד
דעם שטאָף מיט קאַלטער שער.
עס ווערט מיר שווערער מיט דער צײַט
דאָך האַלט איך שטאַרק כל זמן איך קאָן
דאָס געירשנטע פון מאַמען
דעם שטאָף, די ניימאַשין
און די גרויסע קאַלטע שער.

# די לולקע

ווי מקנא איז ער געוועזן אין חדר
די יינגלעך, די שטיפערס.
זיי האָבן אין גאָרטן געדרייט אַ פּאַפּירל
און צום הימל געשיקט אַ שמאָלינקן רויך.
ווי ביטער דער רויך איז געוועזן,
ווי זיס איז געוועזן דער סוד.
און שפּעטער — די לולקע,
ער האָט זי אין מאַרק אײַנגעקויפט.
אָ, ווי גוט איז מיט אַ לולקע צו זיצן
אין אַ שטול נאָך דער אַרבעט,
לאָזן רעדלעך רויך אין דער לופטן
און טראַכטן און טרוימען.

זענען יאָרן פאַריבער, חברים זענען אַוועק,
און ער איז מיט דער לולקע געבליבן —
זיין חבר דעם געטרייען.
ער דרעמלט אין שטול איינזאַם און מיד
און די טעג גייען און קומען...
נאָר די לולקע, זײַן שטענדיקן חבר,
האַלט ער פעסט אין דער האַנט
און מורמלט צו זיך:
„באַגלייטער געטרײַער,
פאַרקאָפּטשעטע לולקע דו מיינע,
דו, מײַן איינציקער, חבר.״

# דער טויט פון דער שנײַדערקע

פון פריִען פרימאָרגן
דרייען זיך רעדער,
און עס קלאַפּן מאַשינען
צום טאַקט.

עס לויפן די פעדים
און שפּילן מיט טענער
פון ווײַסן, פון רויטן
און פון שוואַרץ.

און עס גליִען די באַקן,
כאָטש מיד איז דער אַרום
די אויגן, צעפיבערט,
דער רוקן געבויגן,
מיטן מאָטאָר
אין געראַנגל פון שטאָפּן
קלאַפּט אויף דער שניידערקעס האַרץ
יעדעס מאָל שטאַרקער,
שפּילט צו דער נאָדל אין טאַנץ.

און פּלוצלינג דערהערט זיך אַ טאָן
אַזאַ פרעמדער, אַ בייזער,
דער מאָטאָר האָט אָנגעהויבן ברענען. —
פאַריתומט ז׳געוואָרן די מאַשין
געבליבן אַ פאָדעם אַ שוואַרצער,
אַ לאַנגער
פון נישט פאַרענדיקטן לײַוונט.

## די אַלטע מאַשין

צווישן אַלע מאַשינען
וואָס טומלען און הודזשען,
נאָר איינע, אַ קליינע,
אַן אַלטע פאַרשוואַרצטע,
דרייט איר קליין רעדל
שטיל און גיך.
פון יאָרן אַזוי
פאַרשוואַרצט דאָ געוואָרן
פון אַרבעט און פון צײַט.

נאָר פלוצלינג אַ גערודער:
וואָס איז עס פאַר אַ סקריפּען? —
די אַלטע, די שוואַרצע
האָט זיך שטאַרק דאָ צעיאָמערט,
צעוויינט און צעכליפּעט: —
ניין, זי רירט זיך נישט מער.

טאָ נעם זשע פאַרפעסטיק דאָס שרײַפל,
באַשמיר איר דאָס קעפּל מיט אויל
באַפּוץ איר מיט ליבע, מיט טרער,
זי זאָל ציִען ווידער,
און ווידער,
און ווידער.

## זכרונות

איך טראָג מיט זיך
אַ בינטל אַ גרויס
פון געבליבענע זכרונות.

זיי זענען געבליבן ביי מיר
פון אַ זוניקן טאָג אין גליקלעכער קינדהייט.
אַמאָל — אַ ריח פון בעז
וואָס אַ חבר האָט מיר געבראַכט
און איז לאַנג שוין פאַרוועלקט...
בלויז דער ריח דער דינער און ליבער
געבליבן אין זכרון.

און אָט איז אַ ווייטיק פון פאַרגאַנגענעם צער
וואָס ליגט געבונדן מיט שמחה און מיט פרייד.

יאָ, אַ בינטל אַזאַ,
נישט ריר עס נאָר אַן,
שפּאָר עס, און לאָז עס
אויף שפּעטערע יאָרן.
ווען עס וואַרט אויף דיר נישט מער
ווי דאָס אָפּגעשפּאָרטע בינטל
זכרונות.

## אַ באַגעגעניש

פרײַנד פון אַמאָל —
איך לויף זיי אַנטקעגן מיט פרייד.
דער שכל זאָגט אונטער:
נישט אײַל זיך, נישט יאָג נאָך
דעם פאַרגאַנגענעם טאָג.
ער איז ווי אַ ווינטערדיקער רעגן —
די קאָלירן פאַרווישט האָט ער לאַנג שוין,
און פאַרענדערט די אַמאָליקע וועגן.

געוועזן איז איינער מיט גאָלדענע האָר
די אויגן — בלוי ווי דער הימל
אוי, ווי ליב כ׳האָב געהאַט זיינע אויגן די פּאָר,
עס קלאַפּט מיר נאָך איצטער ס׳האַרץ...
ער גייט מיר אַנטקעגן — אַ שטעקן אין האַנט,
די האָר זײַנע לויטערער זילבער,
די אויגן —
אַוועק זייער גלאַנץ, זייער שימער.
אַ מאָלער אַ וויסטער — די פאַרגאַנגענע צײַט, —
וואָס האָבן מיר שלעבטס אים געטאָן?

ווייטיקט דאָס האַרץ,
די אויגן פאַרנעפּלט אַ טרער.
גאָט, ווי אַזוי האָסטו דעם חלום פאַרשוואַרצט?

# טײַבע פון וואַל

עס פרייען זיך קינדער פאַר די יום־טובים,
זיי האָבן לאַנג שוין געוואַרט.
עס קלאַפּן האַמערס צום טאַקט און פרעגן: —
האָט איר שוין אַ סוכה געמאַכט?
ווי זשע אָבער צירט מען די סוכה —
פרעגן זיי די טאַטעס די פאַרטראַכטע,
ענטפערן טאַטעס: —
מאַכט קראַנצן פון פרוכט
געצויגן אויף דינענקן שטריק,
הענגט זיי אויס אויפן וואַנט
און ברענגט אַ קירבעס אַ געלן, אַ גרויסן,
מאַכט אים אויגן און שטעלט דאָרטן ליכט...

גייט מען אויפן וואַל —
עס וווינט דאָרטן טײַבע
אין איר גאָרטן ליגן צעשפּרייט
קירבעסן געלע און גרויסע
(זי האָט זיי אין פרילינג געזייט).
אויפן וואַל שטייט אַ קלויסטער
און אַ סאָד פול מיט פרויען
אַלע אין שוואַרצן געקליידט.

נאָר אַנטקעגן שטייט טײַבע,
איר פּנים איז פאַרשוואַרצט,
אַלט און פאַרלאָטעט איר קלייד.
ווי קומט אַ ייִד צווישן גויִים?
מרדכי האָט דאָרט סיערמענגעס גענייט,
הײַנט איז ער אַלט און קאָן נישט
מיט פאָדעם פאַרדינען דאָס שטיקל ברויט,

טוט טײַבע פֿאַרקויפֿן אַ קאַוון, אַ רויטן,
און קירבעס אויף אַ פֿאָנאַר.
און קערלעך און עפּל געפֿרוירענע
אין ווינטער. זי זיצט אײַנגעהילט
אין צען אפשר קליידער
דער פֿײַערטאָפּ צווישן די פֿיס
און קינדער וואָס לויפֿן אין שולע
קויפֿן עפּל, יאַדערס און ניס.

קאָן מען דערקענען טײַבע פֿון וואַל
מיט איר צעשויבערטן קאָפּ
און פּנים מיט זאָרג.
און מער נאָך פֿון אַלץ שטייט פֿאַר די אויגן
טײַבע מיט איר פֿײַערדיקן טאָפּ.

## מײַן זיידע

איך געדענק מײַן זיידן, עליו השלום,
מיט דער לאַנגער ווײַסער באָרד.
אַ גאַנצן טאָג געלערנט קינדער
בײַנאַכט
געלערנט שטיל מיט זיך אַליין.
נאָר שמחת־תורה פלעגט ער זיך
אין שול צעטאַנצן
און מיט אַ הויכער, קלאָרער שטים
זיך צעזינגען און זיך פריילעך מאַכן.

אין יעדן ייִד מיט אַ לאַנגער באָרד
וואָס זיצט און לערנט תורה
פלעג איך זען מײַן זיידן.
זע איך אויך איצט לאַנגע בערד,
נאָר גראָד אויף יונגע, צאַרטע געזיכטער,
אָבער ווי אַנדערש איז זייער תורה
און אַנדערש זייער פרייד.
דער קאָפּ איז פאַרוואָרפן בײַם טאַנץ
אָבער אין אויג אַן אַנדערער גלאַנץ.
נאָר זייער חסידישע התלהבות
דערמאָנט מיר מײַן זיידן,
מײַן אַלטן.

## צו תשליך

זיי גייען צו תשליך,
אַלע זינד דעם טײַך אָפּגעבן.

איינער שיין געקליידט
גייט ער מונטער. זיכער.
ער איז רײַך.
נישט ווייניק גענאַרט אַ יאָר אַ גאַנצן,
וועט ער די חטאים אין וואַסער וואַרפן
און אַן אָרט אויף נײַע מאַכן.

דער אָרעמאַן גייט מיט טריט,
מיט שוואַכע.
אַ גרויסע זינד געטאָן,
די קינדער ווינציק ברויט געגעבן,
ער ליידיקט אויס אין טײַך אַרײַן
זײַן פּוסטע טאַש.

## אַ נוסבוים

דער אַלטער נוסבוים האָט זיך מיט בלעטער באַדעקט,
זיך צעבליט מיט הונדערטער בלימלעך.
אָט דריקט ער שוין צו זיך, ווי אַ מאַמע אַ גוטע,
ניסעלעך קליינע מיט ווייכנקע הערצער
אין פּאַנצערס געקליידטע.

אין די אָוונטן, ווען עס הודזשעט דער ווינט,
לערנט דער אַלטער נוסבוים די קינדערלעך זיינע : —
האַלטס זיך צוזאַמען איר ניסעלעך, צוזאַמען!
אַ האַנט אַ שטאַרקע קאָן, חלילה, צעברעכן
דעם פּאַנצער אײַערן,
צום האַרצן אײַך דערגיין...
און כאָטש אַ האַרץ איז ווייך,
קאָן עס זיך ברעכן אויף שטיקער
אונטער אַ שטאַרקער פויסט:
געדענקט זשע איר ניסלעך
זיך האַלטן באַזאַמען,
ווײַל שווערער איז צו ברעכן
דעם גאַנג פון צוזאַמען.

## צו דער אַרבעט

ווּ לויפט איר דאָס אַלע
פון פריִען פרימאָרגן
ווען עס שלאָפט נאָך די שטאָט דאָ אַרום?
דער שטערן געקנייטשט פון דאגות און זאָרגן
און אַליין ווי אַ כוואַליע, אַ שוואַרצע
איר לויפט.

איַיערע קינדער נאָך שלאָפן,
דער דרויסן נאָך קיל איז
און איר, מיט קיישעלעך עסן,
איר לויפט אין פאַבריק,
די מוסקולן — האַרט פון אַרבעט
און דער בגד האַרט איז פון שווייס.

ווער זאָרגט זיך, ווער דאגה׳ט
פאַר איַיך, מיַינע ברידער?
דער עיקר: די רעדער זאָלן גיין.
געדענקט זשע אַז אויך דעם גורל
דאַרפט איר נעמען אַליין.

## אַ שטרײַק אין פּוילן

עס האָט זיך פֿאַרקליבן
אין אַן אַרבעטער־שטוב דאָרט
אַ מײַזעלע אַ קלײנס,
אַ שאַרינקס, אַ שײנס
מיט אַ לאַנגן עק.

צום ברויט האָט זיך גענומען
דאָס מײַזעלע דאָס קלײנע
און אויף אינעם זיסן זעמל
האָט עס זיך שטאַרק פֿאַרליבט.

עס קוקט שוין נישט אין ביכער,
עס לײענט שוין נישט גאַזעטן,
עס לעבט זיך רויִק, זיכער,
בײַם אַרבעטער, ווי אײַנגעזעסן.

אינצווישן איז עס געוואָרן גרויס
דאָס מײַזעלע, דאָס קלײנע,
זי האָט זיך שוין פֿאַרוואַנדלט
אין אַ יוסטער שאַרער מויז.

נאָר אין אײנעם אַ טאָג זענען פֿאַרשוווּנדן
די זעמל און די חלות,
און מען זעט שוין נישט אפילו
קײן שטיקל שוואַרץ ברויט.

געהערט האָט זי די באַלעבאַטים זאָגן:
עס ווערט פּוסט אין הויז,
נישטאָ שוין אַ ברעקל ברויט
אויף אָפּצוסמען אַ מויז...

און נאָך אַ וואָרט האָט זי געהערט: —
אַ שטרײַק.
דרייט זיך אַרום אין שטוב די מויז,
זי קײַט שוין ווידער די גאַזעטן,
אויפגעגעסן ביכער שוין
פאַרזוכט דאָס דיקע ווערטער־בוך,

נאָר זי איז נאָך אַלץ נישט זיכער,
די אָ יונגע פעטע מויז,
צי גראַמט זיך אַ שטרײַק
מיט הונגער אינעם הויז.

## אַנטוישונג

מיר האָבן זיך באַקענט אין אַ שטילן אָוונט,
פאַרפירט אַ קליינעם שמועס
און באַלד זיך פאַרשטאַנען
מיר שמייכלען איינער צום צווייטן
און אונדזערע בליקן
זאָגן צו דעם מאָרגן
פולע הויפנס גליק.
מיר פליִען אין דער לופטן
מיט אונדזערע געדאַנקען,
ווי שאַגאַל וואָלט אונדז מאָלן
און פלעכטן זיך די הענט.

נאָר —
דאָס איז געווען נעכטן.
אַ נעכטן וואָס איז תמיד שיין און שענער,
נאָר הײַנט —
מען רעדט שוין נישט פון ליבע
דאָס גליק ווערט קלענער,
קלענער... איז געבליבן דער קריי פון האָן אין שטײַג
און ס׳ציגעלע ס׳ווײַסע
וואָס צופּט ס׳גראָז
בײַ פּוסטע ווענט.

## דער ערשטער שניי־רעגן

צו פרי איז געקומען דער רעגן, דער קאַלטער,
צו פרי.
עס בעטן נאָך די פעלדער אַ ביסל טוי
און שטראַלן זוניקע אין ווינט
די ווײַסע וואַטע־בלומען
וואַרטן נאָך אויף דער מאַשין
נעמט אונדז צוזאַמען,
לאָזט אונדז נישט יעדן באַזונדער
אינעם פעלד אין גרויסן,
פרעסט אונדז, דריקט אונדז,
אַבי נישט זײַן אַליין.

און עס שטייען מאַמעס
אין שטעט
און אין דערפער,
מיט בליקן בעטנדיקע:
נאָך וואָס איצט רעגנס קאַלטע,
אַ ביסל ווינט וואָס קילט
גענוג איז פאַר אונדז.

עס האָבן קינדערלעך
קיין שיך נישט אויף ווינטער
און טאַטעס ברענגען נישט
קיין גראָשן...
צו פרי געקומען איז דער שניי־רעגן,
צו פרי.

## ימים נוראים

אַ סוף־זומערדיקע היץ
פֿאַרטרײַבט דעם שלאָף,
עס דערנענטערן זיך
די ימים נוראים.
עס לאָזן זיך אין דאָרף אַרײַן
קינדער, טאַטע, מאַמע,
אָפּרוען זיך פֿון שטאָט.
אַן עקסידענט,
אַ פֿלעק פֿון בלוט אויפֿן וועג —
ימים נוראים.

אַן אַלטע פֿרוי איז אין שטוב אַליין.
אַ גנב קומט.
ער וואַרפֿט, ער ברעכט,
ער קאָן נישט געפֿינען וואָס ער זוכט...
ימים נוראים.

אַוועק איז דער זומער,
אויך דאָס ציגעלע דאָס ווײַסע,
געבליבן נאָר די חד־גדיא
מיט מענטשן פֿיל
און אַ טרויעריקע מעשה.

איינער קלאַפּט זיך על־חטא,
אַנדערע ווינטשן זיך אַ יאָר אַ גוטס,
אַ פּרײַס,
אַ חתימה טובה — צו אַלע זייערע ווונטשן.
זיי ווילן שוין ענדיקן
די ימים נוראים.



גאָט האָט באַשאַפן דעם מענטש
אין זײַן געשטאַלט.
דאָך זענען מענטשן פאַרשיידענע פאַראַן:
הויכע,
קליינע,
טייל מיט אַ הויקער געבוירן.

מענשטן האָבן זיך אַליין זייערע געטער געמאַכט:
גרויסע,
קליינע,
פון האָלץ און פון ליים,
פון אײַזן, פון שטיין.
איין פאָלק האָט זיך דעם גאָט
נישט מיט הענט נאָר מיט גײַסט באַשאַפן.
האָט ער זיי באַשאָנקען מיט גוטס,
מיט גבורה.
מיט חכמה און מאָראַל.
פירט ער זיי,
אָט דער מעכטיקער גאָט,
יאָרנלאַנג זײַנע דערוויילטע,
און
יאָרנלאַנג מאָנט דאָס פאָלק
פון גאָט דעם חוב:
ער זאָל זיי לאָזן לעבן אויף דער וועלט!

## ראש־השנה

גאָט געטרײַער,
זײַ מוחל אונדזערע אַלטע זינד.
זע, ווי עס שטייען די ביימער געבויגן,
לעבצן נאָך רעגן אַצינד,
רופן צו דיר אויך די פעלדער
און בעטן פאַר אונדזערטוועגן אויך.

קומט אָן דער ווײַסער בושל
וואָס וואַנדערט צווישן לענדער, היימען,
כאַפּט אַ קערנדל אַרויס
אין שטאַל בײַ דער בהמה.
ווונדערט זיך די קו
קוקט דעם בושל אָן פאַרווונדערט: —
אָ, ווען איך האָב אַזעלכע פליגל
איך וואָלט ווער ווייסט וואָס געטאָן.
איך וואָלט נישט געשטאַנען דאָ
אין טאָל,
אין די הימלען כ׳וואָלט געפלויגן,
וואָס העכער יעדעס מאָל.
קוקן אירע חברטעס אויף איר
מיט קיילעכדיקע אויגן, תמ׳עוואַטע,
מוקען צו שטיל, קײַענדיק,
ווי אויך זיי וואָלטן תפילות דאָ זאָגן
צום נײַעם יאָר.



איך האָב שטענדיק געבענקט
אין קאַלטע ווינטער־נעכט,
אין שנייאיקע טעג
נאָך די פּסחדיקע כלים.
מײַן מאַמע האָט זיי
אין אַ גרויסן קופּערט
אויפן בוידעם געהאַלטן.
איך קלעטער אויפן לייטער,
מיט ציטערדיקע פינגער כ׳ריר אָן
די בוסות מיטן גאָלדענעם ראַנד.
איך קוק אָן דאָס עשירות,
דאָס בלאַנקענדיקע גאָלד,
עס נעמט מיך אַרום אַ ציטער,
אַ פֿײַער אַ הייסער...
טעלער, מיט קאַרשן און פלוימען באַצירט,
וואָס זוך איך אין אײַך?
דעם פרילינג מיט בלומען,
דעם אָסיען פּײַכטן,
דעם צײַטיקן זומער
און אפשר איז עס גאָר דער ציטער
אַז באַלד וועט קומען אַ נײַער ווינטער
מיט קעלט און מיט שניי?
ווער ווייסט...

## אין טאָג פון פּראָטעסט

נישט אַליין —
צוזאַמען מיט הונדערטער טויזנטער
קלאַפּט איצט מײַן האַרץ און ציטערט,
ווען אויפן קול שרײַט איר אַלע:
נידער! נידער! אַראָפּ!

דו, וואָס דײַן רעדן איז שטיל און באַשיידן,
איז דען דאָס צו גלייבן?
שטיין צוזאַמען מיט אַלע און זיך דערמאָנען
ווי די באָבע פלעגט אונדז דערציילן,
אַז איר טאָכטער — מײַן מאַמע —
איז אין יאָר ניינצן פינעף
אַוועק פּראָטעסטירן. דעם צאַר נישט געוואָלט.
דעם רוסישן צאַר, געהערט אַזאַ מעשה?
האָבן מיר, קינדערלעך קליינע,
אונדזער מאַמען באַוווּנדערט:
זע נאָר זע, אונדזער מאַמע און דער מעכטיקער צאַר!
שטיי איך צווישן אַלע און
עס שרײַט אין מיר: „אַראָפּ!"...

איך פאָר צוריק אַהיים, שפּעט אין דער נאַכט.
פאַר מײַנע אויגן לויפט דער שאָסיי,
און איך זע
די באָבע ווי זי פלעגט אונדז מיט זיך
צו תשליך, צום טײַך אַלע נעמען
און אויפן וועג צו אונדז רעדן: —
„ניין, נישט איך האָב געזינדיקט,
נאָר דאָך
טאָן דאַרף מען עפּעס
פאַר אונדזער נשמה"...

## פיר ברידער

ווען פיר ברידער דערציילט די הגדה.
זיי לעבן, זיי זענען
ביז היינט דאָ מיט אונדז
גלייבט מיר, ס׳איז נישט קיין אגדה.

איינער דער רשע,
ער טוט וואָס ער וויל,
וואָס אייגנס, וואָס פרעמדס
אַלץ איז זיינס.

דער חכם, ער ווייסט:
ווילסטו באַקומען
טאָ צאָל, ליבער ברודער,
עס קומט גאָרנישט אומזיסט.

דער דריטער, דער תם,
ער לערנט נישט קיינמאָל.
ער הערט נישט וואָס מענטשן זאָגן
ער טוט וואָס מען הייסט אים.

דער פערטער — ער קאָן גאָר נישט פרעגן.
ער פרעגט נישט, ער גייט נאָך די פירער
צי ס׳איז גוט, צי ס׳איז שלעכט
נישט פרעגנדיק גייט ער
און זאָגט נישט קיין וואָרט.

## קַיִן

קַיִן שטייט אין פעלד אַליין,
זײַן העמד פון שווייס איז נאַס
ער שלעפּט פון פעלד אַוועק אַ שטיין.
ר׳איז אָנגעפּילט מיט האַס.

ער אַרבעט אַליין, ווײַל הבל זײַן ברודער
פּאַשעט די שאָף דאָ נישט ווײַט.
אַ גאַנצינקן טאָג זיצט ער מיטן פײַפל
און האַלט נאָך אַ ביכל בײַ דער זײַט.

קַיִן נעמט פּרוכט פון גאָרטן, פון פעלד —
ער וועט ברענגען אַ מנחה צו גאָט.
ער׳ט בעטן מחילה פאַר די עלטערנס זינד
בײַם הערשער דעם שטרענגן אין הימל.

זעט הבל, דער יונגער, ער איז גאָר נישט קיין נאַר,
עס פעלט אים חלילה נישט קיין שכל,
נעמט ער פון די שאָף אַ שעפּסל אַ קליינס
און מאַכט אַ געבראָטענעם מאכל.

און גאָט האָט ליבער אַ שטיקעלע פלייש,
מער ווי קאַרטאָפל מיט שאָלעכץ
שיקט ער אַ פײַער פון אויבן אַראָפּ
וואָס עסט אויף דעם פליישיקן אָפּפער.

ברענט אויף אַ כעס אינעם עלטערן ברודער
ער כאַפּט די טוריה אין האַנט...
און אַזוי, צוליב אַ טעות פון רגע׳דיקן כעס
באַקומט די וועלט איר ערשטן רוצח.

## דער שפּיגל

איך האָב אין מײַן הויז
אַן אַלטן שפּיגל,
אַ ווונדערלעכער שפּיגל געווען.
געוויזן מיר תמיד אַ פּנים מיט צעפּ
און שטענדיק אויפגעכאַפּט האָט
שטראַלן פון פענצטער,
געפירט זיי הויך אויף דער וואַנט.
און פאַרגרעסערט די ליכט אין מײַן שטוב.

מײַן מאַמעס געזיכט
ווען איז שפּיגל באַווײַזט זיך
דערזע איך אויף דער וואַנט אַ רעגנבויגן.
קוק איך אָן מײַן שפּיגל
מיט הייסע צוויי אויגן
און שטוין וואָס מיט אים איז געשען.

אַנומלט האָט דער שפּיגל באַוויזן מיר גאָר
מײַן באָבעס געזיכט
מיט צוויי מידע אויגן.
האָט פאַרלאָשן זיך דאָס ליכט
אויף מײַן וואַנט
און קיין שטראַל נישט געווען מער,
וואָס איז געשען מיט מײַן שפּיגל?

## מײַן קריגל

איך האָב אין מײַן שטוב
אַ קריגל אַ הויכס,
אַ שלאַנקס,
מיט בלומען באַפּוצט.
האָב איך מײַן קריגל דאָס װײַסע
מיט װאַסער פֿון קװאַל אָנגעפֿילט
און טרינק יעדעס מאָל
דאָס װאַסער פֿון קריגל
און װעב מיר חלומות
ריינע, װי דאָס װאַסער.

און מעשׂיות, לעגענדעס,
איך לאָז זיך מיט זײ פֿליִען
דעגרײכן צום הימל
װי װאָלקנדלעך װײַסע
װאָס קומען גלײַך פֿון מײַן האַרץ.

פֿיל איך איינמאָל אָן דאָס קריגל דאָס הויכע
מיט רויטן װײַן, לויטערן,
און טרינק אַ זופּ נאָך אַ זופּ,
װערן שװוער די מחשבות
פֿינצטער די לעגענדעס
און שמעקן מיט בלוט
פֿון געשאָכטענער היים.
פֿון אומגעברענגטע ברידער און שװעסטער.
פֿאַלט אַרויס די קרוג פֿון מײַן האַנט
און צעבריכט זיך אויף שטיקלעך,
װי צעבראָכן ס׳איז געװאָרן
מײַן היים דאָרט,
מײַן אַלטע.



ווען קומען וועט מיין שעה
ניט קום צו מיר
מיט אַ בינטל בלומען,
מיט שטילע טריט באַגלייטן זאָלסטו מיך
מיט צער און טרויער...
איצט נאָר, איצט
קלאַפּ אָן אין מיין טיר,
און ווען איך קום אַנטקעגן דיר
באַגעגענען זאלסטו מיך
מיט גוטן וואָרט
און מילדן בליק.
איך וועל דיר ניט בלייבן אַ בעל־חוב,
ניין! —
מיט פרייד און פריינדשאַפט
וועל איך צאָלן דיר
פאַר יעדן מילדן בליק.
נאָר קום, מיין פריינד,
און עפן היינט
מיין טיר.

# די לבנה

יאָרן לאַנג איז די לבנה געגאַנגען
מיט מיר אין די נעכט,
זיך געבייזערט אויף מיר —
פאַרשטעלט זיך דאָס פּנים,
זיך געחברט, געשײַנט
מיט פאַרטראַכטן געזיכט.
איך האָב מײַנע טרוימען באַהאַלטן אין האַרצן,
נאָר מיט איר, דער לבנה,
געטיילט זיך, געפרייט.
האָבן מענטשן זיך פליגל געמאַכט,
און מיט שטאָלענע פליגל
פליִען אין דער לופטן,
צעטרעטן מיט זייער פוס די לבנה
און אונדז, אויף דער ערד, זיי ברענגען אַ מתנה
אַ ביסעלע שטויב און עטלעכע שטיינער.

קלייב איך אויף מײַנע טרוימען
און טראָג זיי אַוועק
צו אַ שטערן אַ ווײַטן אַ קליינעם,
וואָס לײַכט מיר אַצינד אין די נעכט.
איך האַלט אים אין סוד
נישט אויסזאָגן קיינעם.
איר קאָנט אים איצט זוכן,
איך וועל נישט דערציילן
וועלכער שטערן ס'איז מײַנער.
דאָרט כ'האָב באַהאַלטן די חלומות מײַנע
פון אים איר וועט נישט ברענגען
נאָר שטיינער און שטויב,
נײַערט טרוימען, טרוימען, טרוימען.

## ווידער ווינטער

וואָס ווײַנט אַזוי טרויעריק
מײַן אַלטער באַקאַנטער —
בענקט ער אַזוי
נאָך מײַן לאַכן ?
צי אפשר אין הײַנטיקע צײַטן
אויך יונגע
פאַרן רעגן די פענצטער פאַרמאַכן.
בין איך איצט אויך טרויעריק,
און אין מײַן אויג איז אַ טרער...
צווישן יונגע און אַלטע
זענען פאַרשיידן די וועגן.
דריקט הײַנט אַן אומעט מײַן האַרץ : —
ווען וועט שוין קומען דער רעגן ?

# מײַן הײם

א

טאָג.
ס׳איז באַקאַנט מיר דאָ יעדער טראָט.
דאָס גרעזעלע פֿאַרפּלאָנצט נאָר וואָס,
דער אַלטער בוים, דאָס נײַע הויז,
דאָס קלײנע הינטל אויפֿן שוועל.
און אַלע פּנימער אַרום,
זײ לויפֿן פֿרײ אַזוי ווי איך
אַרויסגעריסן פֿונעם שלאָף
צום אַרבעט־טאָג.
ס׳איז מיר באַקאַנט זײער טראָט,
וואָס שאַפֿט צוזאַמען דאָ מיט מיר
מײַן הויף, מײַן הײם.

ב

נאַכט.

ווי אַנדערש איז אין אָוונט דאָ
די פענצטער ליכטיק אָבער פרעמד.
צי זיצן דאָרטן פרוי און מאַן
און האַלטן זיך בײַ די הענט?
צי אפשר גאָר — יעדער פאַר זיך
טראָגט געדאַנקען,
טרוימען
נאָר פאַר זיך?
און אפשר שטורעמט דאָרט
און נאָר דאָס אויסגעלאָשן ליכט
קאָן ברענגען רו.
איך גיי מײַן וועג
און טראָג אין זיך
די פרייד און פּײַן
וואָס הינטער וועגט.
ווײַל, דאָס איז מײַן הויף,
ווײַל, דאָס איז מײַן היים!

## מײַנע פיר ווענט

די פיר ווענט דריקן,
פשוט, געוואָרן צו קליין.
מיטן בוך אין האַנט,
אַ גלאָז טיי אין דער צווייטער,
גיי איך אויף דער וועראַנדע
דעם הויף אַנטקעגן.
אַ ווינט באַגריסט מיך,
צערטלט מיר די באַקן,
גלעט מײַנע האָר.
עס ליבן מיך
די צו מערב זינקענדיקע זון,
די בלויע לופט
און דער גרויסער קאָמאַר,
ער שטעלט זיך נאָענט פון מיר,
אויפן וואַנט,
צעשמייכלט זיך...
יאָ, אַלע קאָמאַרן האָבן מיך שטאַרק ליב...
לאָזט ער זיך אַראָפּ דער קאָמאַר
איבעראַשנדיק צו מיר
און קושט מיך מיט אַ פול מויל.
אַ צופרידענער לאָזט ער זיך
מיט גרויס געזשום אין זײַן וועג.
און איך אַ באַזיגטע, צי זיך צוריק
צווישן מײַנע פיר ווענט.
מײַנע טײַערע פיר ווענט.

## דאָס דאָרף רופט

זע, ווי עס גרינט דער אַרום,
עפן דײַנע אויגן און זע:
קוסטעס ביימער שטייען
אין אַלע גרינע טענער.
די דערפער בליִען איצט
ווי אַ רעגנבויגן זומער
און שענער נאָך,
שענער.

עס וואַרטן שוין אויף שניט
פעלדער פול מיט זאַנגען,
אין גאָלדענע קאָלירן
זיי פינקלען דאָ אַרום.
פאַרלאָז זשע איצט די שטאָט
פאַרלאָז דאָס האַווען, יאָגן,
הער ווי עס רופט דאָס דאָרף,
הער
און קום!

## עס גלוסט זיך מיר

ווי איך שטיי אויף
פון טיפן שלאָף
און שלעפ נאָך קוים
די מידע פיס,
שוין גלוסט זיך מיר,
מיט בלאָסער האַנט
צו כאַפּן ס׳פּליטערל פון וואַסער
וואָס דרייט זיך אויפן גרינעם גראָז
און דרייען זיך מיט דעם,
און טאַנצן מיט דעם אין אַ קאַראַהאָד
און פינקלען אין זונשייַן
און דרייען זיך אָן סוף אינעם ראָד.

עס גלוסט זיך מיר
די טיפע גרינקייט פונעם בוים,
די רויטקייט פון דער בלום
אײַנזאַפּן אין זיך
און טראָגן זיי מיט זיך אַרום,
אַרום.



געענדיקט דעם שניט,
שטייט שטיל די גרויסע מאַשין
און מיד איז דער שניטער.
דאָס קאָרן אין זעק,
דאָס שטרוי געפּרעסט,
רו אָפּ, מידער.
האָסט קיין זאַנגעלע נישט געלאָזט,
עס וועט רות שוין נישט קומען
זיך לייגן בײַ די פיס דײַנע, בועז.

געענדיקט דער שניט.
עס איז די צײַט איצט פון זייער,
זייע דײַן קאָרן רויִק,
וועסטו שנײַדן מיט פרייד,
עס קומט דײַן צײַט, —
זײַ גרייט!

# די אַרבעט וועקט

די זון איז אַרויס,
עס בעטן שוין די קי דאָס עסן,
זיי מוקען שוין אין שטאַל.
בײַם שכן קלינגט דער זייגער
ער לויפט צום הינער־שטײַג
און באַלד — אין פּרדס
אונטער שפע פון מאַראַנצן
ברעכט זיך שוין די צווײַג.
אין גאַראַזש הודזשעט דער טראַקטאָר
מען וואַרט דאָרט נאָר אויף דיר,
מענטשן זיצן אויף דער פּלאַטפאָרמע
זיי אין פעלד אַרײַן פיר.
שלאָפן שפעט פאַסט דאָך נישט פאַר דיר
לויף זשע צו דער אַרבעט
דער וועכטער קלאַפּט אין טיר.
דו פאָרסט אין פעלד,
גלײַכסט אויס די ביינער
און עס קומט דיר אַנטקעגן די ערד
באַדעקט מיט טוי
און ס׳באַגלייטן דיך די הימלען
אָנגעטאָנענע אין בלוי.



עס האָט מיר אַ מאַמע דערציילט:
מײַן ייִנגעלע פלעגט שטענדיק
נאָר רעדן וועגן טאַטן:
„מײַן טאַטע איז דער קליגסטער,
מײַן טאַטע איז דער בעסטער,
מײַן טאַטע האָט די גרעסטע שיך,
מײַן טאַטע...“
און מײַן ייִנגעלע האָט געחלומט
וועגן זײַן טאַטנס שיך.
„ווען איך וועל זײַן אַ גרויסער
וועל איך האָבן אַ קאָמביין
און גרויסע, גרויסע שיך,
ווי דעם טאַטנס.“

איז געוואָרן גרויס דאָס קינד
און אין איינעם אַ שיינעם פרימאָרגן
האָט מײַן זונעלע באַקומען
אַ געפּאַנצערטן וואָגן
און אַ פּאָר גרויסע, שטאַרקע שיך.
מיט שיך אַזעלכע און מיט אַ וואָגן אַזאַ
קאָן מען ביז צום מדבר גיין,
מען קאָן שונאים פּאַריאָגן...

און איצט אין די שפּעטע שעהען
פון שלאָפלאָזע נעכט
קאָנסטו זען דורכן פענצטער
דעם גראָען קאָפּ פון זײַן טאַטן,
און הערן
שווערע, באַשיכטע טריט.

## זומער

דער פרילינג געזעגנט זיך, זאָגט
„צום ווידערזען" דעם קומענדיקן יאָר,
און מיר האָט ער אַ מתּנה געבראַכט:
אַ דיוואַן פון דזעקוראַנדאַ־בלומען
אויסגעשפּרייט זיי
מיטן ווינט זיי געשיקט,
צו מײַנע פיס געלייגט.

דער מאַכטיקער גלבוע שטייט ברוין־פאַרשרפעט.
אויסגעטאָן דעם בונטן ווינטער־מלבוש
פרעגלט זיך דער באַרג אין הייסער זון,
קוקט שטאָלץ אַראָפּ צום גרינעם טאָל
עקשנים, זיי האַלטן זיך נאָך! —
דער טאָל גיט זיך נישט אונטער.
דורכזיכטיק פּלייסיק דרייט זיך דאָס וואַסער
אין אַ לאַנגער, גרויסער ראָד
נעצט די דאָרשטיקע ליפּן פון טאָל.

דער זומער מאַכט יד־אחת מיט דער ברענענדיקער זון
פאַרצערט אַלץ מיט אַ גרויס מויל,
נישטאָ קיין צײַט!
באַלד וועט מען אויך מיר זאָגן —
גיי!...

# דער באַזוך

נאָך לאַנגע יאָרן
געקומען זען דעם הויף,
דאָס שטיקל ערד,
וווּ מיר האָבן מיט אייגן האַנט
די שטיינער אין עמערס אַרײַנגעקליבן,
וווּ פלאַנצן קליינע
האָבן מיר, צווישן פעלדזן געזעצט.
אויף בערגלעך געשטאַנען אַליין
מיט ביקס אויפן אָרעם...

געקומען באַזוכן נאָך יאָרן,
נאָך לאַנגע,
חברים,
וואָס זענען געבליבן אין וועג.
אין קברים געבליבן
און נישט פאַרעלטערט געוואָרן.

ווי שיין איז אַרום!
דער הויף איז פול מיט בלומען,
די פעלדער — פאַרזייט,
די פלאַנצן — צעוואַקסן,
אַ גרויסער, אַן אמתער וואַלד.
נאָר פנימער צעאַקערטע פון חברים
דערמאָנען דיר דעם אומפאַרזייטן בייט.
עס זענען רוקנס געבויגן,
און די יוגנט פאַרגאַנגען,
פאַרשווּנדן די צײַט,
די צײַט.

## אויף רעדלער

דער אויטאָ איז פּאַרטיק,
דער טאַטע בײַם רול,
די מאַמע טראָגט
שוין די פּעקלעך.

אַ קאַן מיט וואַסער,
אַ פּעקעלע פלייש,
אַ ברויטל, קאַרטאָפל.

די קינדער שוין אויבן,
מען רירט זיך פון אָרט
מען פאָרט, מען פאָרט.

מען דערפאָרט צו אילת,
דער ים איז דאָרט בלוי,
דאָס זאַמד איז געל און באַזעצט.

די טעג שוין פאַריבער,
מען פּאַקט זיך שוין ווידער,
און אַ מידקייט הויזט אין די גלידער.

צוריק שוין אַ היים,
די שמחה איז גרויס,
מען זעט דעם גלבוע,
מען זעט שוין דאָס אייגענע הויז.

## דער קעמל

פּאַר קינדער פון שולעס
האָט מען אַ זאָאָ —
אַ פּאַרק פּאַר חיות געמאַכט.
צופוסנס פון גלבוע
שטייט אַ קליין אייזל
און עס שפּאַצירט זיך אַ קעמל פאַרטראַכט.
שפּרינגען אַרום אים
אינדן און שעפּסן,
געבראַכט זיי אַהער פון ווײַטן
נאָר איינער אַליין דער קעמל
גייט שטיל דאָ אַרום און פאַרקלערט
אין די צײַטן: —

מען גיט אָפּ דעם מידבר
מיט די פעלדזן הויכע און מיט זאַמד,
ווו מײַנע מאַמעס און טאַטעס
מיט גלאָק אויפן האַלדז
געפירט האָבן די בני ישראל אין צוגעזאָגטן לאַנד.

געוועזן אויך שלאַכטן
אין די בערג פון גלבוע
און קאַמפן, געזיכט צו געזיכט,
געפּאַנצערטע רײַטערס
מיט פײַל און מיט בויגן,
האָבן אונדזערע טאַטעס געפירט.
און אין קאַראַוואַנען זענען קעמלער געגאַנגען
יאָרן געהאָלפן בויען אַ היים,
געפירט זאַמד פון ברעג ים צו בויען בנינים
געאַרבעט מיט שווייס בײַם קנעטן ליים...

איצט שטייט דער קעמל
אַ שפּילצײַג פֿאַר קינדער
און עסט דאָס גראָז פֿון דער האַנט
ער שטייט און ער טרויערט:
ניין, ס׳איז מײַן צײַט נאָך נישט פֿאַריבער,
ס׳איז נאָך דאָ וואָס צו בויען אינעם לאַנד.

## אין שפּיטאָל

**א**

אַ בעט לעם אַ בעט.
פרעמדע, דאָך נאָענט און פאַראייניקט.
ס'איז נישט קיין ווונדער —
פּייַן און וויי איז אייניק.

אַ בעט בייַ אַ בעט.
עס פרעגן נאָר אויגן,
דער קערפּער גיט זיך נישט קיין ריר.
ריווע און פּאַטמאַ,
מרים און דוּראַ,
אַ געשלאָסענע ריי פון פיר.

**ב**

אין איין בעט ליגט ריווע,
ערשט וואָס געקומען,
אַ פרישע,
אַ פרעמדע אין לאַנד.
אַ וועג אַזאַ וויסטן דורכגעמאַכט
איצט איז זי אַלט,
איצט איז זי מיד,
זי ליגט דאָ און קוקט צו דער נאַכט.

נאַכט.
ריווע קרעכצט און רעדט צו זיך.
געוועזן אַ מאָל אַ גליקלעך קינד
זי שילט איצט אין פּויליש איר האָפענונג די גרויסע,
נאָר ווער פאַרשטייט דען פּויליש אַצינד.
זי שלאָפט איין און קרעכצט אויס

אין דער פינצטער איר פּײַן,
וואָס ווערט גרעסער פון רגע,
זי רעדט שוין אויף ליטוויש,
זי טענה׳עט אויף רוסיש,
אוי, וואָס פאַר אַ פּגע איז די קרענק?

אינמיטן רעדט ריווע די ליטווישע
אין פינצטערער נאַכט גאָר אויף דײַטש.
זי ראַנגלט זיך שווער מיט איר קרענק,
עס העלפּט איר נישט קיינער,
זי איז דאָ אַליין
און עס הערט זיך פון בעט שוין אַ שטילער געוויין
ריווע די אַלטע רעדט איצט ייִדיש: —
„אוי מאַמע, מײַן מאַמע, אוי, העלף מיר".
און ריווע איז אַליין מיט איר פּײַן.

ג

לעם ריווען שטייט אַ בעט
אַ צווייט, אַ פרעמדס.
דאָרט ליגט פאַטמאַ די אַראַבקע.
זי ליגט. רעדט נישט קיין וואָרט.
מיט וועמען? נאָך וואָס? —
סײַ ווי פאַרשטייט איר נישט קיינער.
בײַ נאַכט רעדט זי אויס אַ וואָרט
אַן איינציקס:
„אַ אַללאַ, יאַ אַללאַ!"...
און אַללאַ, איר מעכטיקער, שווײַגט.
עס ווייטיקט זײַן טאָכטער
ווער וועט איר פאַרשטיין,
געלעבט יאָרן צוזאַמען
און פרעמד גאָר פאַרבליבן

עס שטיקט איר אין האַרץ
אַ פּײַנלעך געוויין...

ד

אַנטקעגן ליגט מרים פון פּוילן.
זי נעמט אונדז אויף מיט גרויס פרייד.
זי ליגט אינעם בעט
און דערציילט, און דערציילט
וועגן וואַנדערדיקע יאָרן
מיט צוויי קינדער בײַ דער זײַט
אָן וואַסער, אָן ברויט.

דערצו נאָך אַ זויגלינג בײַ דער ברוסט.

ה

אַ בעט מיט אַ קראַנקער.
זי רעדט נישט, זי הערט נישט.
זי האָט נישט דער וועלט וואָס צו זאָגן.
איר וועג דורכגעמאַכט.
ווי? וואָס?
דאָס ווייסט זי, נאָר זי,
און זי ליגט און שווײַגט און שלאָפט.
ס'איז בעסער אַזוי.
נישט פילן, נישט וויסן,
נאָר... וואַרטן.

אַנטקעגן ליגט דאָרע
געקומען פון רומעניע,
זי רעדט רוסיש, רומעניש
אויך ייִדיש.
געווען נאָך אַ קינד.

אין אָנהייב מלחמה,
געזעסן אין וואַלד און אין קעלערס.
נאָך דער באַפרייַונג —
געוואָקסן, געלערנט,
געטאַנצט מיט יוגנט־ברען אויף בעלער.
און אַז די היים איז קיין היים נישט
וואַנדערט זי שוין ווידער,
קומט אָן אין ייִדן־לאַנד —
ס׳אַראַ גליק צו זייַן צווישן ברידער.
זי קלאָגט נאָר אויף איין זאַך:
„געלאָזן האָב איך מייַן געזונט,
שטאַרק האַרץ, דאָרט אין רומעניע״.
איצט ליגט זי אין בעט דאָ
פאַרדאַגה׳ט, פאַרזאָרגט:
וואָס ברענגט איר, וואָס גיט איר,
די נייַע היים, די מולדת...

אין איינער אַ נאַכט —
זי האָט נישט קיין צייַט מער,
זי פּאַקט שוין איר פּעקל —
זי פאָרט.
אַנטלויפן וואָס גיכער, וואָס ווייַטער,
נישט אָנזען די צרות
פון פרייַנד און פון פרעמדע.
ווייַל, ווען גאָט וואָלט פון הימל
פּעקלעך געוואָרפן,
כ׳וואָלט מייַן פּעקל געכאַפּט פון דאָס נייַ...

ו

אַ בעט אין אַ ווינקל בייַם פענצטער,
מיט בלומען אַרום,

ליגט דאָ די יונגע, די שיינע,
איר פּנים צעמאַטערט
פון ווייטיק און זאָרג.
אָ, גאָט, גרויסער גאָט,
אויב דו זעסט אָט די קליינע,
העלף איר. לאָז נישט דעם מיידעלע זינקען,
זי איז אַזוי יונג,
דאָס לעבן איז לאַנג און פאַר איר,
זי וועט נאָך איר שעפּל אויסטרינקען.

איך ליג אין מײַן בעט.
אויך איך פאַר אַ היים.
אויך איך פּאַק מײַן פּעקל
וואָס כ׳האָב אַהער געבראַכט.
איצט גיב אויך דערצו צו
די צרות פון פרעמדע,
די טרערן, דאָס קרעכצן,
דאָס רופן און מורמלען בײַ נאַכט.
זיי וועלן מיך גלעטן און מאָנען:
נישט קלער נאָר פאַר זיך
מיר וועלן שטענדיק דערמאָנען
די נעכט וואָס מיר האָבן דאָ פאַרבראַכט.

## דערציילט אונדז מרים

פון ווײַטן קאַזאַכסטאַן! —
גאָט איינער,
ווי איז זי אַזוי ווײַט פאַרפאָרן?
פון יאָרן נויט און הונגער,
פון קרענק און קעלט
פאַרשאָלטענע יאָרן,
האָט דער וועג זי געפירט —
זי קומט אָן אין אייגענעם לאַנד.

אויך דאָ איז איר וועג
נישט אַזוי לײַכט,
אָן אַ דירה, אָן געלט,
אין אַ מעברה אין אַ געצעלט
גענוג נאָך פינצטער איר וועלט.

נאָר עס קומען אָן יאָרן
פון נחת, פון פרייד,
פון אַרבעט אָן זאָרגן.
און
מרים פאַרענדיקט מיט פאַרדרוס: —
איצט בין איך דאָ צום בעט צוגעשמירט,
נאַר אַז איך קוק אָבער צוריק
און דערצייל עס אײַך מײַנע פרײַנד,
זע איך,
אַז אַ לעבן אַזאַ גייט נישט צו פוס.

## מײַן קבוץ, צו זײַנע זעכציק יאָר

עס זינגען גאָר אַנדערש די פֿייגל פֿאַרטאָג,
זיי וועקן פֿון שלאָף מיט אַן אָנזאָג:
אַ יום־טובדיקער טאָג.

עס האָבן בײַ נאַכט געוואַשן דעם פּנים
די ביימער, די גראָזן, מיט וואַסער פֿון רעגן —
אַ יום־טובדיקער טאָג!

דער ווינט וואָס שטענדיק
בייגט מילד די צווײַגן,
שושקעט הײַנט שטיל זיך
מיט די בלעטער, און פֿרעגט:
„ס'איז יום־טוב בײַ אײַך?"

די זון גייט אויף פֿרײַנטלעך,
באַקט נישט ווי אין זומער.
זי וואַרעמט הײַנט בלויז
מיט אָסיענדיק ליכט —
אַ יום־טוב אויף אײַך!

די קינדער מיט פֿרייד
קומען באַגריסן די בויער פֿון זייער היים,
די זיידעס און באָבעס, —
אַ גוט יום־טוב אײַך אַלע!

באַגעגנען מיט שמחה די ערשטע,
די באַגריסנדיקע קינדער,
און זיפֿצן־אָפּ אַזוי לײַכט:
אָ, נישט גרינג איז דערגיין צו די זעכציק,
צום יום־טובדיקן טאָג.

# אַ מיזמור דעם אַלטן צריף

א

אַ קליין געצעלט,
אַ נאַפט־לעמפּל
אַ בעט פון נישט־געפאַרבטן אײַזן,
און אַ שיינער טרוים.

עס חלומען צוויי חלוצים
און טרוימען האָבן זיי אַ סך —
פיר ווענט, אַ פענצטער און אַ טיר
און איבערן קאָפּ — אַ דאַך.

עס קומט דאָס גאָלדן פישעלע
פון אונדזערע קינדער־מעשיות —
אָט האָסטו באַלד אַ צריף
פון העלע ברעטער.

דאָס צימער אויסגעקלאַפּט מיט דיקט,
אַ פאָרהאַנג איבערן פענצטער הענגט,
אַ בילד, אין גלאָז אַ בלום,
אויפן שוועל שפּילן זיך שוין קינדער.

אַ היים. —
עס דערמאָנט דאָס אַלטע הויז,
דעם ריח פון די גרויסע קלאַדעס,
דעם וואַלד מיט די בעריאָזקעס,
דעם מאָך, די פּאָפּלאַווע אַרום.

נאָר ווער קאָן דען פאַרשטיין,
אַז אַ מענטש נאָר דאַרף,
אַ מענטש נאָר וויל,

טאָ קום זשע גאָלדן פּישעלע
און פיר אונדז אין אַ געמויערט הויז.
שטייט פאַרשעמט דער אַלטער צריף
שוין מער נישט שיין, שוין מער נישט יונג.
צו וואָס דאַרף מען אים הײַנט.
שטעלט מען מאַשינען דאָרט אַרײַן
צו אַרבעטן, צו נייען,
שײַנט ווידער און עס טומלט זיך
איז אַלטן גוטן צריף.

ב

צוויי מײַזלעך זוכן זיך אַ פּלאַץ,
אַ היים,
געפינען זיי אַ ווינקעלע, אַ לאָך
אין אַלטן צריף.

רוישן מאַשינען גאַנצע טעג,
נאָר בײַ נאַכט לויפן אַרום
די מײַז די צוויי
מיט קליינע מײַזעלעך.

אַמאָל קומט אַרײַן אַ בין.
עסט זיך אָן,
טרינקט דעם זאַפט פון קוסטעס
וואָס צעבליִען זיך איצט,
און רוט אין אַ שפּאַרונקעלע
צווישן די ברעטער:

אַ חיות פון אַ היים פאַר מיר,
טראַכט זיך דאָ די קעניגן,
די מלכּה בין.

זי ברענגט מיט זיך די יונגע קנעכט —
די אַרבעטער — די בינען.
און הוזשעט שוין אַרום דעם צריף
טאָג איין, טאָג אויס,
און עס גייען אַרויס די בינען זוכן זאַפט.

פעלט נאָר איצט דער גרויסער בער
פון די אַלטע קינדער־מעשיות,
ער זאָל קומען האָניק לעקן
און זיך באַלעקן:
ווי גוט איז איצט און ליב אין אַלטן צריף...

## דער אינקובאַטאָר

אַ מענטשלעכע האַנט
האָט זיי צוזאַמען געבראַכט,
געוווֹיגן, געמאָסטן, באַלויכטן.
נישט שוועסטער, נישט ברידער,
געפּרעסט זיי צוזאַמען.
וואָס וועט פון אונדז איצט זײַן ?
אַ סעודת־המלכות
צי פאָרן מיר גאָר אין די קראָמען ?

פאַרוווּנדערטע קוקן די אייער
איינע אויף דער צווייטער און פרעגן : „ווּ — הין״ ?
מען וואַשט זיי, מען לייגט זיי
אין אַ גרויסער מאַשין,
אַן אַלמער פּאַר טויזנטער ברידער
אין שורות, אָטריאַדן,
אַזוי ווי סאָלדאַטן.
וואָס איז דער צוועק — אַ מלחמה ?
קלערן די אייער און וואַרטן.

אַ היץ, אַ מילדע דערמאָנט
די וואַרעמע פעדערן דער מאַמעס
און דאָס וויגן ווי אין וויגל אַ קינד,
און ווידער די פראַגע : „ווי לאַנג״ ?

אַ טאָג, און עס שטייען מאַשינען,
און קעפּעלעך קליינע
מיט פאַרוווּנדערטע אויגן קוקן אַרויס.
אַ גערויש, אַ געפּילדער פון עופעלעך קליינע
אויף פיסעלעך שוואַכע,

אַלע געבאָרן יתומים.
„נעמט מיך הענט, נעמט מיך!"

פּישטשען מיט דינינקער שטימע אַלע צוזאַמען,
און פּיסעלעך הייבן זיך,
טרעטן חברים און ברידער —
אַרויסגיין, אַנטלויפן פון דאַנען.

נאָר עטלעכע געלינקע שוואַכינקע קעפּלעך
ליגן און אָטעמען קוים.
אוי, כמעט ווי געזיגט, כמעט ווי דערגאַנגען
מיט ברידער געמאַכט דעם וועג, דעם גאַנצן
ביזן סוף...

## אַ נײַע אַרבעט

ער זיצט ביי דער מאַשין,
בײַ דער שוואַרצער, קאַלטער
און טרינקט.

ער ציט דאָ די שרויפן —
אַ שרויף נאָך אַ שרויף,
אַן אַרבעט אַ נײַע.

עס דרייט זיך דאָס ראָד
פאָרויס, פאָרויס,
נאָר זײַנע געדאַנקען זיי ציִען צוריק.

נישט לאַנג געקראָכן
אויף הויכע געביידעס,
געבויט די טאַבאַרעס,
געגאָסן בעטאָן,
און מיט יאָרן צוריק
גאָר געאַרבעט אין גאָרטן,
אין פעלד —
געזייט, געקליבן קאַרטאָפל,
צעלייגט דאָרט אַ פײַער
אויף צו וואַרעמען די הענט.
אַ געבאַקטע קאַרטאָפל
געטיילט צווישן ליבסטער און פרײַנט.

און הײַנט?
ער ציט אַ שרײַפל נאָך אַ שרײַפל
און פאַרמישט
אין משקה אין קאַלטער
אַ טרער.

## מענער זאָגן

מענער זאָגן
אַז ווײַבער האָבן נײַן מאָס רייד.
מענער זאָגן, מענער רעדן,
מענער דרשה׳נען אויף בינעס,
מענער פריידיקן און רופן,
שיקן ייִנגערע אויף מלחמות.

פרויען שטייען אויף די וועגן
פול מיט טרויער, ס׳טרערן אויגן.
שטיל דערשלינגען זיי די טרערן —
קינדער גייען אויפן פראָנט.

וואָסזשע שטייט און שווײַגט איר, פרויען?
שרײַט אויף הויכן קול.
זאָלן פליסן אויף די וועגן
קולות הויכע פון די מאַמעס:
נישט מלחמות דאַרפן קינדער,
דעם מאָרגן בויען דאַרפן זיי.
שרײַט זשע אויפן קול איר ווײַבער.
זאָל פאַרפליסן אַלע וועגן
דער פראָטעסט פון מאַמעס.
נישט פאַרגעסט אַז די מענער זאָגן —
איר האָט די נײַן מאָס רייד!

## מענער בענטשן

מענער בענטשן:
גאָט, איך דאַנק דיר
וואָס איך בין אַ מאַן געבאָרן!
מענער פרייען זיך מיטן כח —
ווײַבער און קינדער צו באַשיצן,
זיך פאַרטיידיקן פון שונאים.
האָבן זיי די גבורה צו זען
קינדער יתומים,
זען אלמנות
און קוקן אויף הײַזער אײַנגעוואָרפענע
און בענטשן גאָט
פאַרן לאָזן זיי לעבן...

פרויען דאַנקען, ליבן גאָט
נישט פאַר גבורה אין מלחמות
נאָר פאַר געבן זיי אַ האַרץ
פול געפילן, פול רחמנות
און אַ טרער אין אויג
פאַר יעדן
וועמענס לעבן
איז צו שווער.

מענער בענטשן פאַרן כח,
פרויען דאַנקען פאַרן האַרץ.



ווענן ווענמען? ווענן וואָס? —
ווענן. ווענן.
ווענן געשמידטע אין אַספּאַלט,
פון מענשלעכע פיס אויסגעטראָטן;
אַ וועג אַ באַקאַנטער
אַ לאַנגער, אַ ברייטער,
ער פירט אַוועק ערגעץ ווײַט...

ס'זענען דאָ אויך וועגעלעך שמאָלע, קורצע,
געמאַכטע דורך שאָף סטאַדעס
וואָס זוכן זיך פּאַשע
און גייען אַלע צוזאַמען
דורך שטויב און דורך גראָזן
און טרעטן זיך אויס אַזאַ שטעג.

עס אײַלט זיך אַ מענטש צו דער אַרבעט.
ר'האָט פּאַרשפּעטיקט, פּאַרשלאָפן,
ער קירצט זיך דעם וועג —
אַ נײַעם וועג זיך אויסגעטראָטן.

אַ גערודפטע חיה זוכט זיך אַ וועג
זי וויל אַנטלויפן וואָס גיכער,
דאַרף זי אַ וועג נאָר פאַר זיך.
פאַראַן איז אַ וועג אַזאַ שמאָלער
פאַר מענטשן אין בדידות, אין אַליינזײַן.
זיי גייען אַליין זייער וועג.
און דאָ איז אַ וועג אויך
פאַר מענטשן מיט פרײַע מחשבות: —
זיי שאַפן זיך אַליין זייער וועג
און אַלע ווענן פירן צו אַ וועג.

# לאָמיר אַלע

לאָמיר אַלע הײַנט אינאײנעם
זינגען, טאַנצן;
לאָמיר אַלע הײַנט צוזאַמען
נײַע פרײדן פלאַנצן.

זעכציק יאָר און מיר זענען
טאָג בײַ טאָג צוזאַמען
אַלע אינאײנעם אַ געשלאָסענע רײ
אין שמחה און אין לײַדן.

שווערע טעג זענען דאָ געוועזן,
ס׳האָט אויסגעפעלט דאָס שטיקל ברויט,
שונאים זענען אָפט באַפאַלן
מיר האָבן אין אויג געקוקט דעם טויט.

אַמאָל די הימלען גיבן נישט קײן רעגן —
מען זײט און מען שנײַדט מיט צער.

קינדער גײען אויף מלחמות
אוי, ווי גרויס עס איז די געפאַר.

איצט, ווען אַלץ אַרום בליט
און דער אינאײנעם העלט,
לאָמיר טײלן אונדזער שמחה
מיט דער גאַנצער וועלט.

## די שׂרפה

עס ברענט! —
דער שיינער גרינער באַרג ברענט.
דער ווינט טרײַבט: —
„גיכער, גיכער, פײַער,
עס מיטן פולן מויל״.
בעטן, מורמלען די גראָזן:
ראַטעוועט אונדז, מענטשן!
די ביימער בוקן זיך שטיל,
אפשר וועט די בייזע צונג אונדז אָפּלאָזן...
שנעלער, הייסער, יאָגט דאָס פײַער.
ווי מיט אַ רויטער פאָן
שפּאַרט דער ווינט פאָרויס.

שטייט מיט אַ פאַרשוואַרצט פּנים
דער הויכער באַרג: —
„דו, מענטשעלע קליינער,
ווו איז דײַן הילף?״

## זיבעציק ער

זיי זיצןביידע אַנטקעגן עקראַן
און קוקן רויִק און שווייַגן.
אין די טעג פון יונגשאַפט
די הענט זיך געדריקט
אַרויס צוזאַמען אין וועג,
געזייט און געשניטן צוזאַמען
מיט פרייד,
געהיט מיטן ביקס אויפן אַקסל.
געהאָדעוועט קינדער אין שמחה און לייַדן.
שטענדיק — ביידע צוזאַמען.
געשטאַנען ביי קברים פון פאַלנדיקע זין,
געוויינט און געקלאָגט נאָך משפחה,
קינדער געשיקט אויף מלחמה
מיט אַ טרער
און באַגעגנט זיי צוריק מיט אַ ברכה.
און איצט —
ציט זיך ווייַטער דער וועג פון די צוויי,
איר קאָפּ ברוין,
זייַנער — שוואַרץ
ווערן שוין גרוי און באַלד ווייַס,
דאָך גייען זיי ביידע
האַנט אין האַנט
דערמאָנען נאָר דאָס גוטע וואָס געווען
און פאַרשווייַגן דאָס שלעכטס.

## דער גרוס

עס האָבן זיך פייגעלעך נעסטן געמאַכט
צווישן דער גרינקייט פון בוים,
צווישן קוסטן און פעלדזן
נאָר איינס אַזאַ קליינס
פאַרברענגט אירע טעג
אויפן הויכן דראָט אויבן.

ווען עסט עס? ווען טרינקט עס?
איך זע עס דאָ שטענדיק
מיטן קעפּל פאַרלייגט, אַליין.
זוכט עס אפשר שטראַלן פון זון
וואָס די דראָטן טראָגן אויף זיך?
און אפשר הערט זיך עס איַין
אין די שמועסן פון מענטש צו מענטש
וואָס קומען פון איין עק מדינה צום צווייטן
מיט דער הילף פון די דראָטן?
און אפשר מיט איר צוויטש
ברענגט עס אַ נישט־דערזאָגטן גרוס
פון אַ זעלנער אויף זיַין פּאָסטן —
אַ היים צו דער מאַמען?
זיצט זיך אַ פויגל פאַראיינזאַמט, אַליין
און רופט יעדעס מאָל און דערציילט
וואָס ער הערט אויפן קול.

## אַן אינדיין

אין אַ פריִען פרימאָרגן
איז צווישן פעלדער
אַן אינדיין געבאָרן.
נישט גרויס, נישט שטאַרק,
מיט דינע פיסעלעך צוויי
מיט אויגן פון נײַגעריקייט אָפן.

זי לעבט זיך אין טאָל
שטיל און געמיטלעך און רויִק,
נאָר פלוצלינג דערזעט זי
אַ באַרג שטייט דאָ אויבן
און עס ציִען די פיס איר וואָס העכער.
לויפט די אינדיין פון טאָל פראַנק און פרײַ
און פילט נישט און זעט נישט
ווי דער דראָט וואָס אַרום שטח
ווערט פעסטער און פעסטער.
כאַפּט זי זיך אויף און מיט נײַגעריקן בליק
קוקט זי זיך אַרום און כעסט
אויף די שעפּסן די שטילע — די שכנים
וואָס טיילן מיט איר דאָ דעם צוים.
זי זוכט דאָ אַ שפּאַרע
צו אַנטלויפן פון דאַנען וואָס גיכער,
נאָר פון הינטערן פלויט דערזעט זי
סטאַדעס הינט
מיט ציינער שאַרפע
לויערן אויף איר און לויערן,
גרייט זי צעבייסן, צעצופּן,
צערייסן אויף שטיקער,
די שוואַכע אינדיין.





מיט דינינקע וואָרצלען,
איך האָב היינט אַ סאָסנע,
אין די בערג פון גלבוע פאַרפלאַנצט.
איך האָב אויך אַ סאָסנע, אַ קליינינקן פלאַנץ,
צווישן פעלדזן אין ירושלים פאַרזעצט.
טראָגט זיך דער ניגון
פון איינער צו צווייטער
מיט דער שטימע פון ערד
מיטן מעקען פון שאָף, —
מיטן ווינט.

עס טראָגט זיך אין לופטן
ווי אַ קלאַפּן פון פויקן
דאָס קול פון אַ האַמער
און קול פון אַ רידל
און פון איַיזנס וואָס שניַידן די ערד.
כאַפּ איך אויף דעם ניגון
און טראָג אַוועק אים וויַיטער
מיט האָפן, אַז הילכיקער
וועט קלינגען מיַין ליד.

## אַ טריקעניש

עס בייזערט זיך די ערד
מיט צעעפנטע ליפּן פון כּעס
קומט זי מיט טענות צום הימל: —
גיב מיר וואַסער, אַ טראָפּן אפילו,
ווּ איז דײַן רחמנות, אָ גאָט!
אוןביימער און בלומען
פאַרטריקנטע בעטן:
גיב, גאָט ליבער, וואַסער, וואָלקנס,
מיר האָבן אין זומער געוואַרט אויפן ווינטער.
ווּ זײַט איר, הימלען?
מיר זענען אין צרה,
מיר און דער אָרעמער פּויער.

שטייט אויפן פעלד דער אָרעמער פּויער
קוקט אויס אַ וואָלקן
אפשר באַלד, אפשר באַלד,
וועט קומען דער דערלייזער...
און פרומע יידן אויפן בית־עולם
דאַווענען און רײַסן קברים
די גזרה אָפּצורופן.
און מאַמעס, מיט זכרון, זיצן בײַ די פענצטער
און זינגען שטיל אַן אַלטן נגון:
„גאָט געטרײַער גיב אַ רעגן
פאַר די קליינע קינדער וועגן...“
נאָר הימלען ליכטיקע, בלויע,
שיטן מיט זון אין די טעג
און מיט שטערן פּראָסטיקע אין די נעכט
און שפּעטן פון די תפילות,
פון די מענשלעכע דאגות פאַר קומענדיקן מאָרגן.



איך זוך נישט קיין לייטער
צו דערגרייכן צום הימל,
איך זוך נישט די שטערן
וואָס לויכטן אין די נעבט,
עס ווילט זיך מיר בלויז הערן
דעם געוואַקס פון דיביימער,
דאָס מורמלען שטילע
פון ווינט אין די בלומען
און פון פליסנדיקן וואַסער...
כ׳וויל פילן דעם ריח פון דער ערד,
פון טוי, און פון קי אין די שטאַלן,
דעם דערפרישנדיקן ריח פון טראָפּנס
וואָס פינקלען אויף קערפּערס
נאָכן וואַשן דעם שווייס.
און רויִק דאָ זײַן
אָן געשלעגן, אָן מלחמות,
און שטיל און מיט פרייד
אויפן קומענדיקן טאָג.

# אַ שפּאַציר

אין אַ שבת פרימאָרגן, נאָך אַ נעכטיקן רעגן
איך לאָז זיך אַרויס שפּאַצירן.
כ'וועל גיין, גיין
ווו די אויגן וועלן מיך טראָגן.
עס ליגט דער גלבוע אַזוי שיין
געוואַשן זײַנע פעלדזן פון רעגן,
די ביימער — מיט קעפּ אויסגעצוואָגן.
און גרין זענען די וועגן.
גיי איך און גיי.
פּלוצלינג פון אויבן אַ וואָלקן אַ גרויער
וואָס נידערט און צעגיסט זיך דאָ גלײַך
זוך איך אַ שטיקעלע ערד פאַר מײַן פוס
נישט דערטרינקען צו ווערן אין זיין ים.
קומט מיר צו הילף אַ ווינטל אַ לײַכטס
צעטרײַבט דעם וואָלקן און פאַריאָגט אים
בלײַבן מיר איצטער דרײַ גאָר: —
דער מאַכטיקער באַרג, דער טאָל און איך.
שיקט די זון מיר פון אויבן
אַ ליכטיקן בליק
און פון ווײַטן פינקלט אַ פענצטער צו מיר
און אַ קול פון דער היים רופט: —
קום צוריק, קום צוריק.



אַ צווירקען אין לופטן פון פייגל טשאַטעס
וואָס קומען פון ווײַטן אַהער.
זיי רוען זיך אָפּ דאָ נאָך לאַנגן פליִען
און ווערן מאַכן דעם ווײַטערן וועג.
זיי קוקן פון אויבן, זוכן אַן אָרט
און פּלוצלינג
לאָזן זיך אַלע מיט טומל אַראָפּ.
עס שטייען דאָ קי בײַ פּולע מולטערס
מיט קערנדלעך קליינע, גרייט ממש פאַר זיי.
קוקן די קי זיי אָן מיט קײַלעכדיקע אויגן: —
אַ חוצפּה פון פייגעלעך קליינע
צונעמען בײַ אונדז דעם ביסן פון מויל...
ווּ איז אײַער היים,
ווער טרײַבט אײַך אין גלות?
זענט איר אויך געגליכן צו מענטשן, צו פעלקער?
אונדז טרײַבן די שנייען אין ווינטער,
און אַז בײַ אונדז הייבט די זון אָן צו שײַנען
זוכן מיר וואַרעמע ערטער,
פליִען מיר צוריק צו אונדזער נעסט.

## שווערע טעג

געקומען איז אַ וואָלקן
געבראַכט מיט זיך רעגן,
עס בליצט אויפֿן גאַס און עס דונערט.
פֿון שטורמישן ווינט ברעכן זיך צווײַגן
און עס ציטערט דער בוים בײַ מײַן שטוב,
נעמט דורך אַ קעלט מײַנע גלידער
כ'הייב אָן די פֿענצטער פֿאַרשליסן:
נישט הערן דעם ווינט,
נישט זען דעם רעגן,
די לאָדנס וואָס גיכער פֿאַרמאַכן.

געווען זענען צײַטן
מיט פֿריילעכע רעגנס
געקלאַפּט האָבן זיי לוסטיק אין די שויבן,
כ'פֿלעג צעווישן די טראָפּנס לויפֿן
און הילכיק פֿלעגט קלינגען מײַן לאַכן.
איצט קלאַפּט דער רעגן מיט אומעט אין די לאָדנס
ער קלאַפּט און באַקומט נישט קיין ענטפֿער,
פֿינצטער דער הימל
נאָר טראָפּנס ווי טרערן
מערן זיך דאָ און זיי מערן.

איך און מײַן בוים אַנטקעגן מײַן פֿענצטער
הערן צו דאָס געוויין און דעם יאָמער
ביידע פֿאַרבענקטע,
ביידע פֿאַרצערטע,
באַגאָסן מיט לויטערע טרערן.

## בשורות

גוטע בשורות קומען שטיל
שוועבן רויִק און געלאַסן
וואַרעמען ווי אַ שטראַל דורך אַ פענצטער,
ווי אַ מיידל אין בונטן קלייד,
ווי די בלום וואָס פאַרבליט,
וועבט די בשורה אַ זיידענעם פאָדים
און נעמט מיט פרייד דאָס האַרץ אַרום.

ווי אַ וויכער, ווי אַ בורע
בייזע נישט דערוואַרטע,
טראָגן זיך די שלעכטע בשורות.
רײַסן טירן, לאָדנס, פענצטער,
ברעכן צווײַגן, בייגן ביימער.
בלײַבן הערצער פלוצלינג שטיין
און עס הערט זיך געוויין. —
גיך צעטראָגן זיך אַרום
שלעכטע בשורות.

מרץ 1983

# אינעם יאָר פון מלחמה

אזוי פיל דערנער
הײַ־יאָר אויף די פעלדער,
ווער קען זייער נאָמען?
זיי שטעכן, זיי דריקן,
דערמאָנען שטילעטן —
די הײַנטיקע דערנער.

ווי וועלן מיר אָנרופן
די בלומען וואָס וועלן פאַרדעקן
די בערג און די טאָלן
נאָכן יאָר תשמ״ג?

ווי וועלן מיר רופן
די רויטינקע בלומען?
צי וועלן זיי הייסן חיים,
צום אָנדענק פון זון
פון דער צעבראָכענער מאַמע,
צי רון, צי ירון,
צו עמיל — אַ זכר
פון ברידער־מלחמה?
און אפשר גאָר אחמד, מוחמד.

ווי וועלן מיר רופן
די בליִענדיקע פעלדער אין רויט
נאָך דעם יאָר פון מלחמה?!

## אַ מאַמע

זי האָט זיך היינט
צעשריִען אויף אַ חבר׳טע,
זי האָט זיך היינט צעבייזערט אויפן קול.

נישט פרעג פאַר ווען,
נישט פרעג פאַרוואָס
זי האָט דעם כעס אירן אויסגעלאָזן
אויף איר בעסטן פריינד.

זי האָט דאָך שוין געפּאַקט,
זי האָט דאָך שוין געשיקט,
עס שטייט שוין ליידיק
איר גרויסער בופעט.

געקליבן האָט זי קעסטעלער,
געקליבן האָט זי שטריקעלער
געבאַקן האָט זי זעמעלער,
קיכעלער, אַ טאָרט.

געפּאַקט האָט זי אין קעסטעלע
די קיכעלער, זאַקן אַ פּאָר,
אַריינגעלייגט אויך שוועבעלער
פּאַפּיר אויף צו שרייבן בריוו,
און צווישן זיי —
פּחדים פון די נעכט.

אין יעדער שפּאַרונקעלע
איר ליבע דאָ אַריינגעלייגט

איר בענקשאַפט און איר ציטערניש
אַרײַנגעפּאַקט אַהער.
מיט אותיות גרויסע אויסגעמאָלט
דעם ליבן נאָמען פון איר קינד,
און שוין האָט זי דאָס פּעקעלע
דורך פּאָסט אַוועקגעשיקט.

זי גייט שוין צוריק אַהיים צו זיך
עפּעס וואָס עס פעלט איר דאָך,
זי זוכט, געפינט אַ קעסטעלע,
אַ שטריקעלע, אַ קיבעלע
און שוין איז פול איר האַרץ,

פול מיט ליבע, מיט בענקשאַפט
מיט פּחדים נײַע,
פון וואַנען ווידער נעמט זיך דאָס,
זי האָט דאָך אַלץ אַוועקגעשיקט שוין
מיט דער פּאָסט ?...

זי האָט זיך הײַנט
בײַ אַרבעט איזער
צעשריִען אויף אַ חברטע. —
פאַר וואָס ? !

## אַ טאָג פון שרעק

און ווידער שרעק,
און ווידער דריקט די אימה.
איך — אָן הילף, און דו,
דו ליגסט און אַרום דיר בלוט און בלוט.
דײַן פּנים ווי לבֿנה איז בלייך,
און איך, זע נישט קיין ליכט, נאָר שאָטן.

מײַן בלויער הימל ווערט פאַרפינצטערט,
אַ האַרטע פויסט פאַרמאַכט זיך
אַרום מײַן האַלדז,
און דו, מײַן לעבן,
דײַן האַנט איז הײַנט צו שוואַך
צו העלפן מיר
אין אַזאַ צײַט.



דו בעטסט מיך דיר זינגען אַ ליד,
קאָן איך הײַנט זינגען, מײַן פֿרײַנד,
ווען אַלץ אַרום איז
תוהו ובוהו,
ווען קברים שלינגען אײַן
אַ דור מיט קינדער.
ווען עס פֿעלן אויס טרערן
די אומגליקלעכע מאַמעס
און די טאַטעס שווײַגן
און גייען אָן אַ וואָרט
פֿון דער וועלט?

איך קאָן הײַנט נישט זינגען
אַ פֿריילעכע ליד דיר,
דער אומעט פֿאַראומערט דעם ניגון.

## אין אונדזערע צײַטן

אין צײַטן מאָדערנע
פירן נישט טאַטעס
אַ קינד אויף אַן אייזל
צו דער עקדה.
זיי פאָרן אין טאַנקען
אין דזשיפּן אין פּלינקע,
און קומען אַנטקעגן זיי שאָף אַ סטאַדע,
און ווײַבער און קינדער
קומען פאַרבײַטן ברידער,
וואָס אויך זיי האָבן פירער
צו דער עקדה געשיקט.
וואָרעם דער טאַטע אברהם האָט אַ ירושה געלאָזן: —
די ערד,
דעם באַרג מוריה
און דעם שאַרפן חלף.
שלאָגן זיך די יורשים שוין יאָרן,
פאַר ערד,
פאַר באַרג,
און גייען איינע אַנטקעגן די צווייטע
צו דער עקדה.

# אין די גאַסן

אין די גאַסן,
אויף שאָסייען,
שפּילן קינדער מונטער
שפּרינגען איבער שטריק.
אַ מיידעלע אַ קליינס —
דינע פיסלעך מאַכן קרײַזן, דאָרט אין צווייען,
האַלטן אין די הענט אַ שטריק —
עס שפּרינגט דער דריטער.

אין די גאַסן,
אויף שאָסייען
פאָרט אַן אויטאָ — ס'פאָרן צוויי
איינער האַלט זיך פעסט דעם ראָל
דער צווייטער — ער איז אַ פירער —
חשבנט ער אַצינד:

עס איז אַ גאַנג אויף דינעם שטריק,
שטעלסט אַ פאַלשן טראָט און
דאָס גאַנצע לאַנד צאָלט פאַר דײַן זינד.

אין די גאַסן,
אויף שאָסייען
פאָרן טאַטעס אין די טאַנקען.
פאָרן זיכער, פאָרן דרייסט.
נאָר נישט איינער פון די קינדער,
וואָס האָט אַ טאַטן אין אַ טאַנק —
האָט אַ שטריק אויפן האַלדז,
וואָס וויל דערשטיקן, וויל פאַרלענדן
יונגע לעבנס, יונגע טרוימען.
אין די גאַסן, אויף שאָסייען...

# אַ ווינקל אין הויף

דרײַ פּאַלמעס מיט שטראַלן באַלויכטן
הייבן די קעפּ צו די הייכן,
ווי ברענענדיקע ליכט,
שטאָלצע,
גלײַכע.

דרײַ ציפּעריסן טונקעלע
בייגן אין ווינט זייערע קעפּ
מיט דבקות,
ווי ייִדן בײַ שמונה־עשרה.
צווישן זיי — אַ וואַנט
אַ ווײַסע,
אַ גלײַכע,
מיט אותיות באַדעקט,
מיט נעמען...

אָן אַ זײַט,
ווי אַ שטילע גוטע מאַמע —
די פּאָענציאַנע:
איר בלי שוין פאַרוועלקט.
שטייט זי ווי אומגליקלעך,
מיט טאָרבעס פול זוימען
און אַ שטילקייט אַרום.

אוי, אומעטיק דאָרף מײַנס.

## אין הויף

ווער עס חלומט פון הימלען
און שוועבט אין דער לופטן —
איך וועב מיר חלומות
פון טואונג, פון אַרבעט,
ווען דער זומער קומט אָן
און דער הימל ווערט בלוי.

די דזשעקעראַנדע שטייט אין בלי און בלויט,
זי האָט זיך פאַרפּוצט, ווי איך, אין אַרבעט־קליידער
און וואַרט.
און איך, ווי זי, בין געקליידט ווי עס פּאַסט
און מיט פעסטע שיך...
מיטן שטרוי־הוט אויפן קאָפּ
כ׳לאָז זיך אַרויס צו מײַן קליינער וועלט,
צו מײַן קליינער וועלט.

איך גיי
און איך זוך נישט קיין הימלען,
נאָר קוק אויף די קוסטעס, באַפּוצטע מיט בלי;
פאַרבן אַ שלל באַגלייטן מיך אַרויס
פון מײַן ליבער היים.

פון פריִע פאַרטאָגן די שטילקייט,
פון טעפּיכער גרינע די גרינקייט
וואָס מײַן פרײַנד האָט געשפּרייט צו די פיס
באַגלייטן מיך צו טאָגיקער מי, צו אַרבעט.

## ער און זײַן באַרג

ער האָט ליב דעם באַרג, דעם הויכן,
איז ער פון שולע אַנטלאָפן.
נישט לערער, נישט ביכער —
מיט דראָבנע באָרוועסע פיסלעך
אויפן גלבוע געבלאָנדזשעט.
„דאָרט זענען שלאַנגען" — זאָגט די פלעגערין;
„דאָרט וווּינען שאַקאַלן" — סטראַשעט די מאַמע.
ווײַזט ער, דער קליינער, דעם באַרג אַ פויסט
און וואַרעמט זײַן ליבע און שׂנאה.

וואַקסט ער, דער יִנגל, ביז אין איינעם אַ טאָג
ער זיצט שוין אויף אַ טראַקטאָר
דעם מעכטיקן באַרג אַנטקעגן.
און אין מוח עס עקבערט אַ פראַגע:
ווי באַהערשט מען דעם ריז,
ווי באַזיגט מען דעם פֿײַנד —
דעם געליבסטן פרײַנד זײַנעם ?...

קומט ער מיט גרויסע מאַשינען,
שטופּט דעם באַרג, רײַסט פון אים שטיקער,
מאַכט וועגן ברייטע, נײַע.
און ער עפנט צום באַרג אַ טיר און אַ פענצטער,
אין אָוונטן לאַנגע צו זיצן אַנטקעגן
זײַן מעכטיקן שׂונא —
זײַן פרײַנד.

## איך גיי מיט דיר

געפירט האָב איך אין מדבר דיך,
געוואַשן כ׳האָב דייַנע פיס
בייַ די ברעגן פון ים־סוף.
דו, אַ זיגער.
און איך מיט פחד
האָב באַגלייט דיך דאָרט
טאָג איין, טאָג אויס.

איך גיי מיט דיר,
מייַן טייַער קינד,
מייַן האַרץ באַגלייט דיך דאָך תמיד.
נאָר איצט,
ווען צו צפון דו אייַלסט
און איך מיט געדריקט געמיט
צו דער נייַער עקדה פיר,
שרייַט אין מיר אָן אַ קול: —
נאָך וואָס אַ קרבן, אַ נישט־פאַרשטאַנענעם,
מוז אַ מאַמע ווידער געבן? — — — —

## נעכטן

נעכטן האָסטו מיך באַגעגנט מיט גרויס פרייד.
האָסט גערעדט צו מיר אַזעלכע זיסע רייד.
דיינע אויגן האָבן מיר געשיקט אַ ליכטיקן בליק,
געשטראַלט צו מיר מיט גרויס גליק.

נעכטן האָסטו ליבלעך געצערטלט מיין האַנט
געקושט,
געזאָגט אַ גוטע נאַכט, און
נישט געקומען מער היינט.
נעכטן...

## אַ טרייסט

עס טרייסט מיך דאָס שטענדיקע גיין
אין פּרדס און אין כּרם,
עס גריסן מיך
מיט פריַינטלעכן בייגן די קעפּ
די אַלטע איילבירטן,
וואָס שטייען דאָ סיווע
מיט צוויַיגן צעקרימטע
און קוקן מיר נאָך: —
דו קומסט אַוודאי אונדז באַגריסן.
ווי פֿיַין איז צו שעצן אונדז אַלטע,
אַ דאַנק דיר, אַ דאַנק.

און איך פֿיל,
און איך ווייס,
אַז כּל־זמן די פּיס מיַינע טראָגן
וועט זינגען אין מיר
זייער ליד.

## ווען דו וואָלסט ...

זי קומט צו מיר נעכטן
און זאָגט מיר אַזוי: —
ווען איך האָב אַ קול
ווי דער סאָלאָוויי,
וואָס זינגט אויפֿן בוים
אין פֿינצטערן וואַלד,
וואָלט איך אַ ליד דיר געזונגען
ווי ער — שוין און באַלד.

זאָג איך צו איר און ענטפֿער: —
מיט ווערטער אַ פּאָר,
מיט פּען און פּאַפּיר,
קאָנסטו דאָך זינגען
פֿון פֿרייד און פֿון ווייי
שענער און בעסער
ווי עס זינגט דער סאָלאָוויי...

וואָלסטו דעם טאָג מײַנעם באַגליקט
און איך —
אין מאַטער, אין מי,
נעם אין האַרץ אַרײַן דײַן ליד
און פֿריי זיך דערמיט.
ווײַל אַ ליד דערציילט פֿון ליבע,
אַ ליד דערציילט פֿון פּײַן
און אין שווערע טעג אַ ליד
איז
טרייסט!

אָ, ווען דו וואָלסט מיר זינגען אַ ליד...

# דאָרף־פּאַנאָראַמע

צוויי סטעזשקעלער שמאָלע
פירן אונדז וויַט, וויַט
צום פוס פון אַ מעכטיקן באַרג.
איינע צו דער שטיינהאַקעריַי —
עס פאָרן דאָרט יונגוואַרג,
עס רוישט דאָרט אַ טראַקטאָר
און גרויסע מאַשינען
הודזשען און מאָלן
די פעלדזן, די גרויסע
אויף מעל.

עסווירבלט אין לופטן
די אַרבעטער מי
און דער שווייס מיטן שטויב
זיי ברענגען דאָס אַזוי אונדזער ברויט.

אַ סטעזשקע, אַ וועג צום לעבן.
אַ קרייצונג פון וועגן.
אַ סטעזשקע, אַ צווייטע
פירט גלייך צום בית־עולם,
דאָרט גייט מען מיט טריט שווערע
מיט אומעטיק פנים צו דר׳ערד,
מיט אויגן פאַרטרערטע:
אַ מענטש ווערט געפירט
צו אייביקער רו.
עס הערן זיך שאָרכען פון פיס,
אַ זיפצן, אַן אָטעם אַ שטילער,
אַ סוף פון אַ וועג...

## הגר

גרויס איז דער מדבר און הגר איז אַליין
מיטן קינד אויפן האַנט.
מיט באָרוועסן פוס אויפן זאַמד
און מורמלט זיך שטיל:
„על חטא שחטאתי״.

געגלייבט האָב איך אברהם׳ען
מײַן מאַן דעם אַלטן,
געמיינט איך בין יונג און שרה אַן אַלטע.
דערפאַר בין איך דינסט נישט
נאָר אַ פּריצטע און אַ ווײַב.

ברענט די זון פון אויבן
און דאָס זאַמד בריט פון אונטן,
אין האַרץ צעפלאַקערט זיך
אַ שנאה אַ גרויסע.
מיט דאָרשטיקע ליפּן טרינקט ישמעאל
די מילך פון איר ברוסט
און דעם סם פון דער בריִענדיקער שנאה,
און טראָגט אים דורך דורות
צו שרהן, צו יצחקן,
און צו אברהם׳ען דעם טאַטן.

## לוטס ווײַב

עס ציטערט די ערד. אַ פײַער פון הימל
האָט פאַרניכט סדום און עמורה,
צוויי זינדיקע שטעט.
נאָר לוט מיט זײַן משפחה וואַנדערט אין מדבר,
אַנטלאָפן פון טויט.

זיי קוקן פאָרויס, אַ בליק נישט אויף הינטער,
זיי לויפן און דאַנקען אברהמס גאָט.
נאָר מיט אויגן פאַרוויינטע
שלײַכט, גייט אָן ווילן דאָס ווײַב פון דעם שכורן לוט.

זי האָט דאָרט געלאָזן
איר קינדהייט, איר יוגנט,
דאָס הויז וווּ זי האָט זיך געפּלאָגט;
די שכנות וואָס האָבן זי שטענדיק פאַרשטאַנען,
ווען זי האָט פאַר זיי זיך געקלאָגט.

קוקט זי אויפן פײַער
מיט צער און מיט וויימוט
און עס ציטערט אין איר דאָס האַרץ,
און עס דעקט זי דאָ צו די נאַכט.

לוט אַנטלויפט מיט די טעכטער,
אַנטלויפט. אַנטלויפט, אַנטלויפט,
און אין מדבר בלייבט איינע אַליין זײַן ווײַב.

שטייט אויפן באַרג אַ סטאַטוע אַ גרויסע —
פון אַ פרוי וואָס געווען,
אַ סטאַטוע פון זאַלץ, פון זאַלציקן שטיין —
לוט׳ס ווײַב איז דאָס געווען...

# מרים

קלאַפּ אין פּויק, מרים,
און זאָלן די טאַצן קלינגען,
לויב צו גאָט און זינג אויפן קול,
נאָך דיר — אַלע פרויען זינגען.

ביסט פון גאָט דעם גרויסן
אויסגעקליבן איין איינציקע נביאה,
זינג און טאַנץ, מרים,
ס׳איז דיר באַשערט אַזאַ זכיה.

געדענק דײַן עלנט בײַם גרויסן טײַך,
דו אַליין, און אויפן וואַסער
דײַן ברודער אין אַ קוישל שווימט,
און ווי שטאַרק דו ביסט געווען
מרים, שוועסטער זײַנע.

אויף האָריזאָנט ווײַסט זיך אַ וואָלקן,
דײַן הימל איז נישט אייביק בלוי,
עס קומען טעג און דו ביסט ווידער
אַליין, מרים.

טאַנץ איצט און זינג כל־זמן דו קענסט,
דו נביאה פון גאָט און פון פאָלק,
עס זענען געווען שווערע טעג.
געווען שוואַרצע נעכט,
און געבליבן דו ביסט די נביאה.

# לאה

ועיני לאה רכות

איך זע דיך
ווי דין דו ביסט
און הויך,
אַ בינטל צווייַגן אויף דייַן קאָפּ,
דו קומסט פון פעלד אין הויף.
פון קינדווייַז אָן, איך זע דיך, לאה,
דו בלאָזט דאָס פייַער פון טאַבון
און דיינע אויגן — טרערן פול
און רויט עס זענען דייַנע ווִיעס.
דייַן שוועסטערל — זי שפּילט זיך נאָך,
דעם שטיין פון קוואַל נעמען אַראָפּ
פאַר איר די פּאַסטעכער
וואָס יאָגן נאָך די שאָף.
ווי מקנא ביסטו איר!
דו קוקסט, און דייַנע אויגן רויט.
דייַן אָרט איז דאָך די שטוב, די קיך,
דאָס קאָכן און דאָס באַקן ברויט.
אַזאַ איז דאָך דייַן גורל,
פאַרמאַכט פאַר דיר די וועלט,
די טיר,
ביי דייַן מאַן וועסטו אויך זייַן נישט מער
ווי אייַנע פון די פיר.

## דינה

זי ליגט און וויינט אין איר געצעלט,
די שיינע יונגע דינה.
די מאַמע שטייט און מוסרט איר
מיט שטילער מוטער־שטימע:
פאַרוואָס, פאַרוואָס, טאָכטער מײַנע
ציט דיך גראָד צו ייִנגלעך קליינע?
פון אַלע יינגלעך דאָ אין שטאָט
פון די פרומע און די שיינע
האָסטו זיך גאָר אין שכם פאַרליבט,
אין שייגעץ דעם זון פונעם „אייזל״.
און עס בייזערט זיך דער טאַטע: —
איז דאָס אַ וועג אַ ייִדישער
מיט שקצים זיך אַרומצושלעפּן
גאַנצע נעכט און טעג?
דער טאַטע שפּרײַזט אַרום און מורמלט:
ס׳איז נישט קיין ייִדישע מידה!
נאָר ווער זשע ליבט דען נישט דינה׳ן
זײַן שיינער בת־יחידה?
עס אײַלן זיך די יונגע דאָ
און זי — זי וואַרט נישט אויף קיין קרובים
וואָס וועלן קומען פון ווײַטן ארם נעמען זי צו זיך.
קאָכן זיך די ברידער שמעון און לוי:
אונדזער כבוד, אונדזער שם,
נישט לאָזן, וועלן מיר צעטרעטן
פון חמורס שגץ — שכם.

ליגט דינה אויף איר געלעגער:
עס וועט זיך נישט ענדיקן גוט...
נאָר קעגנשטעלן זיך די ברידער
האָט זי נישט קיין מוט.

# אביגיל

בלום פון כרמל, אביגיל.
עס האָט דער גרויסער קיניג
דײַן נאָמען שוין געהערט.
ווײסטו לאַנג שוין נישט בײַ דײַן מאַן זיצן —
עס ברענט שוין אונטער דיר די ערד.

עס העלפן נישט מתנות, און נישט קיין געשענקען,
עס העלפן נישט די קלוגע, די זיסע רייד,
בײַם קיניג איז די מאַכט, דאָס דאַרפסטו געדענקען,
זײַנע באַפעלן נעם אויף מיט פרייד!...

עס קומען שליחים פון דעם גרויסן מלך
וואָס דריקט דעם רײַכן נבל אַזוי פעסט.
די זעלנער פירן איצט מלחמה,
טאָ האַלט זיי אויס אויף דײַנע קעסט.

האָט אַ נס דאָ געטראָפן אויפן כרמל,
אַ נס, וואָס טרעפט אַ הערשער אָדער אַ מאַכט:
נבל האָט זײַן נשמה אָפּגעגעבן —
ער איז געשטאָרבן אין זײַן בעט בײַ דער נאַכט.

ווו זשע ביסטו אַצינד דו שיינע אביגיל,
ווו ביסטו, בלום פונעם כרמל?
פאַרפלאָכטן האָט דוד אַ נײַע בלום אין זײַן קראַנץ, —
נאָך אַ ווײַב געבראַכט אין זײַן געצעלט.

## יעל

עס גיסט זיך דאָס בלוט פון פאָלק ישראל
עס פאַלן קרבנות אויף וועגן,
עס ציטערן די מאַמעס בײַם וויגן אַ קינד
און טאַטעס
אויף געזאָטלטע פערד אויף די שטעגן.

מלחמה מיט כנען דעם שבט דעם שטאַרקן,
ישׂראל בעט גאָט איצט נאָך הילף,
אין פינצטערן געצעלט די יונגע יעל
וויגט איר קינד אינעם וויגל.

איר מאַן ערגעץ־ווּ, ווי אין אַ שטורמישן ים,
זי דאָ — ווי אַ שיף אָן אַ זעגל.
עס נענטערט זיך איינער — אַ פרײַנד צי אַ שׂונא?
דאָס איז סיסרא דײַן פאָלקס גרעסטער פיינד!

נעמט זי אין איין האַנט דאָס שעפל מיט מילך
אין צווייטער — אַ האַמער אַ שווערן,
ער ליגט שוין באַזיגט בײַ אירע פיס...
נאַכט.
באַדעקט איז דער הימל מיט שטערן.

„ס׳איז טאָג באַלד”, מורמלט אין פּאַלאַץ אַ מוטער,
פון דאגה גערונצלט איר שטערן,
ווען וועט שוין קומען מײַן קינד פונעם שלאַכט?
אירע אויגן זענען פול מיט טרערן.

## יפתחס טאָכטער

עס ווייען ווינטן אין בערג פון גלעד,
עס וויינען די ביימער אין דער נאַכט —
איז דאָס געקומען דער מאַכטיקער ווינטער?
עס וויינט דאָרט דער פאָטער יפתח,
אויף זײַן איינציקער טאָכטער.

צווישן פרעמדע געווען, געלערנט מנהגים,
העלדיש באַזיגט דעם שונא אין שלאַכט.
ברענגט ער איצט אַ קרבן אויפן מזבח צו גאָט
אַ טאָכטער, אַ בתולה, וואָס אַליין אומגעבראַכט.

ווײַל געקומען איז זי צופרידן אים אַנטקעגן,
געטאַנצט און געזונגען מיט פרייד,
אָבער יפתח מוז מקיים זײַן דעם געגעבענעם נדר
ברענגט ער פאַר אַ קרבן איר לײַב.

האָט זי געוויינט צווישן בערג, געוואַרט אויף דער גאולה,
בעת דער חלף דראָט טאָג און נאַכט —
עס קומט נישט קיין שאָף צו פאַרבײַטן די בתולה
דעם נדר צאָלסט דו, בת יפתח.

עס בושעווען ווינטן צווישן די בערג,
עס קלינגט אַזאַ יאָמער אין דער נאַכט,
דאָס מישט זיך ס׳געוויין פון אויסגייענדיקער טאָכטער
מיט דעם וואָס פון איר פאָטער **יפתח**.

## רצפּה בת איה

פֿאַרוואָס צאָלסטו, דו מוטער געטרײַע,
דו ייִדישע מאַמע — רצפּה בת איה.
נישט חופּה און קדושין
נישט כּבוד און קרוין
נאָר שווערע נעכט פֿון מורא
באַגלייט מיטן שפּילן אויפֿן פֿידל
פֿון דודן, פֿאַר שאולן דעם מלך.
פֿאַרוואָס צאָלסטו, רצפּה בת איה,
צי דען פֿאַר די גוטע ווערטער
מיט וועלכע דו האָסט דעם קעניג שאול באַגלייט
צו זײַן לעצטן שלאַכט?
אפשר גאָר פֿאַר די הייסע נעכט פֿון ליבע
ווען דו ביסט פֿון צווישן פֿרויען
די ערשטע געווען?...
אין שוואַרצן געהילט,
דײַן פּנים פֿאַרשוואַרצט,
האָט דוד דערפֿאַר דײַנע צוויי זין געלאָזט טייטן
און דו האָסט נישט געקאָנט
זייער תּליה פֿאַרמײַדן
און האָסט זאַק־לײַוונט אויסגעשפּרייט אויפֿן פֿעלד
כּדי די רויב־פֿייגל זאָלן נישט פֿרעסן זייער לייב.
יאָ,
און עס האָט זיך אַראָפּגעגאָסן אויף דײַנע זין
אַ וואַסער־הימל...

## אבישג

עס זוכן אַן עצה חכמים אַלע:
וואָס טוט מען, ווי העלפט מען דעם מאָנאַרך?
דער קעניג איז אַלט,
דער קעניג איז שוואַך
קיין אויג דער קעניג נישט פאַרמאַכט.
עס שמעקט מיט רפואות
דער קאַמין ברענט שטענדיק
און ער איז איינגעוויקלט אין דעקעס פון פוך
נאָר ער שלאָפט נישט קיין נעכט —
ס׳איז אים קאַלט...

רופן זיך אָפּ חכמים אַ פּאָר:
„מיר האָבן אַן עצה, מיר האָב אַ ראַט.
מיר האָבן אין שונם אין ווייַטן געזען
אַ מיידל אַ שיינע ביז גאָר.
זי שמעקט מיט די ריחות פון פעלד און פון וואַלד,
מיט ריחות שאַרפע פון שאָף,
נעמט איר צום מלך, זי וועט אים וואַרעמען,
זי וועט אים ברענגען דעם שלאָף.

ברענגט מען אבישגן אַרייַן אין פּאַלאַץ.
נאָר דער קעניג איז אַלט,
און דאָס פאָלק וואַרט אויף אַ נס,
דער קעניג איז שוואַך
און עס העלפט שוין אַפילו נישט קיין נס.

# אין דער זאַמלונג

## פון דאָרט...



## פון דאָ...

## מײַנע שוועסטער פון תנ״ך